הילע און פּאָרטרעט פון מ. באהעלפער

A. WEITZ

# UN JOUR NOUVEAU SE LÈVE

(NOUVELLES)

Ofsnaj, 14, Rue de Paradis, Paris-10e

Imprimerie Abécé, 11, rue Louis-Blanc, Paris-10e

אברהם ווייץ

# א נייער טאג
# גייט אויף

נאוועלן

פארלאג אויפסניי פאריז 1952

ארויסגעגעבן דורך דער מיטהילף פון

**אלטער פאלקאוויטש** (וואלענסיען),

אַנשטאָט אַ מצבה צום אָנדענק פון זיינע

אומפארגעסלעכע עלטערן **יוסף** און

**זיסל פאלקאוויטש** (לאָדזש)

געהייליקט

מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער
אומגעקומענע אין לאָדזשער געטאָ

דער מחבר

# די פרוי מיטן צלם

עסטערא גאָלדבלום, אַ פרוי פון אַ פּאַריזער יידישן אַדוואָקאַט, איז אָוונט־צייט אָנגעקומען אין אַ דערפל, ביי שאַלאָן אויפן „סאָאָן“, מיט אַ כוונה זיך אַריבערצושמוגלען אויף אַ שיפל קיין סט. מאַרסעל, אין ערשטן שטעטל פון דער „פרייער זאָנע“.

דאָס דאָרף איז געלעגן אַן אויסגעלאָשנס. מאַדאַם גאָלדבלום איז געבליבן שטיין מיט די צוויי שווערע וואַליזעס אין די הענט, ווי אַן אַרויסגעוואָרפענע אויף אַ פרעמדן ברעג. זי האָט אויפגענומען דעם גערויש פון ביימער, דאָס געשריי פון וואַסער, וואָס האָט זיך געגאָסן איבער שאַרפע, שפּיציקע סקאַלעס, געהערט אַ געבילעריי פון הינט אַריינגוואָיען אין דער שטומער נאַכט אַריין. די פרעמדקייט האָט זי געשראָקן. די מידקייט האָט איר אונטערגעבראָכן די קניען. זי האָט געמוזט אַראָפּשטעלן די וואַליזעס, אַראָפּנעמען פון אירע אַקסלען דעם קאַראַקול־מאַנטל, וואָס זי האָט אים געטראָגן אין אַ הייסן טאָג, כדי אים אָפּצוראַטעווען. זי האָט זיך אַ ווײַלע צוגעזעצט און נישט געקענט דערזיצן. זי האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט און צוגעלאָפן צום ערשטן לאָדן פון אַ הייזקעלע און אָנגעקלאַפּט:

— קאַפע־רעסטאָראַן, פיליפ מאָרגאַן!... — האָט איר שטימע געבעטן.

די איינוווינער פון הייזקעלע, איבערגעשראָקענע פאַר אַ פרעמד

מענטשיש קול, האָבן זיך פאַרוקט אין ווינקלען, שטיל געוואָרן, ווי איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט געשפּאַנט ווייטער, אַליין נישט ווויסנדיק ווהין. אירע צאַפּלדיקע אויגן האָבן געזוכט אין דער פינצטערניש אַ מענטשלעך געשטאַלט. אירע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט יעדן מינדסטן שאָרך. און ענדלעך, ווען זי האָט באַמערקט אַ מענטש־לעכן שאָטן זיך צייכענען אין אַ ראָג, האָט זי אַן אינערלעכן ציטער געטאָן, באַהאַלטן זיך אין אַ פאַרמאַכטער טיר פון אַ כאַטקעלע. ערשט ווען דאָס מענטשלעכע געשטאַלט איז אַדורך, איז איר מאַדאַם גאָלדבלום נאָכגעלאָפן און זיך געפרעגט אויף דער פאַמיליע מאָרגאַן.

צו די מאָרגאַנס אין קאַפע איז זי כמעט אַריינגעפאַלן. אירע וואַליזעס זיינען מיט אַ טראַסק אַראָפּגעפאַלן אויפן פאַרקעט. און זי אַליין האָט זיך אָוועקגעוואָרפן ביי אַ טישל ווי אַ פאַרחלשטע. די שרעק, וואָס זי האָט איינגעזאַפּט אין צוג, דעם פּחד, וואָס זי האָט איבערגעלעבט איבערן וועג, גייענדיק אין דאָרף אַריין, האָט זי מיט אַ שווערן זיפץ אַרויסגעהויכט :

— אַ קאַלטן טרונק, מאַדאַם !

אין דער אויסגעליידיקטער קאַפע איז געווען שטיל. ביי די צענד־ליקער טישלעך, וואָס זיינען דאָ געווען סימעטריש צעשטעלט, איז קיין שפור פון אַ קליענט נישט געווען צו באַמערקן. איבערן „קאָנ־טואַר" האָט אַ לעמפּל הינטער אַ בלויען אַבאַזשור באַזילבערט די אַרומיקע טונקלקייט.

די קאַפע מיט אַלטמאָדישע לאַנדשאַפטן אויסגעמאָלן אויף די ווענט, איז געווען איינגעהילט אין ווייכע, סאַמעטענע שאָטנס. ביי דער מאַדאַם גאָלדבלום איז געשטאַנען אַן עלטערע פּראָווינציזישע פרויערטע. אַ ווייסער קאָפּ האָר האָט אַרומגעקראַנצט איר טיף־צעאַקערט פּנים. אירע גוטמוטיקע אויגן האָבן נאָך פאַרמאָגט אַ שאָטן פון איר יוגנט. די אַלטיטשקע איז געווען הויך און דאַר, איינגעהילט אין אַ ווייסער שירץ ביי וועמענס גאַרטל עס האָט געקלימפּערט אַ קניפּ שליסלען.

זי האָט דערלאַנגט מאַדאַם גאָלדבלום אַ קאַלטן געטראַנק און געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטע ביי דער אומבאַקאַנטער קליענטן, וועלכע האָט זיך פאַר היץ אויסגעטאָן איר בריים־ראַנדיקן פאַנטאַזיע־הוט. פאַר איר איז געבליבן זיצן אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע אין אַ געבלימלט זומער־קלייד, מיט אַ שפּיציקן דעקאָלט. צווישן אירע ברוסטן, וועלכע האָבן ווי אויף אַ געבלימלטן סאַטין געצייכנט רונ־דיקע ליניעס, איז געהאָנגען אויף אַ דינינק זילבערן קייטעלע, אַ גאָלדן צלמל. די אַלטינקע האָט באַטראַכט מאַדאַם גאָלדבלום און איז געבליבן שטיין אַן איבערגעשראָקענע פאַר איר שיינקייט.

„אפשר, אַ דייטשע אַגענטקע ?...“ — איז איר געקומען אויפן געדאַנק. אָבער באַמערקנדיק דעם אומרו אין דער פרוים אויגן, האָט זיך די אַלטינקע באַרואיקט.

— מאַדאַם, איר זענט דאָכט זיך אַ יידישע פרוי ?

— יאָ, אַ יידישע פרוי מיט אַ צלם.

— איך האָב שוין דאָס געזען — האָט די קאַפע־אייגנטימערין געזאָגט מיט מיטלייד — איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן ווער האָט אייך געגעבן מיין אַדרעס.

— שרעקט אייך נישט, מאַדאַם מאָרגאַן — האָט די יידישע פרוי געענטפערט מיט אַ שמייכל — אייער אַדרעס האָב איך באַ־קומען אַריינגעשיקט אין געהיים פון דער „פרייער זאָגע“ פון מיינע באַקאַנטע, וואָס זיינען אַריבערגעשמוגלט געוואָרן דורך אייער זון זשאַן. אייער מאַן הייסט פיליפּ. און אויב איר ווילט דעם פּאַראָל, קען איך אייך זאָגן : „מאַרגעריט ע פאַרטי“...

— עס שטימט, מאַדאַם. נעמט אייערע וואַליזעס און קומט מיט מיר !

אַ צענדליק שטיגלעך, ווי אַ שרויפנציער, האָבן זיי אַרויפגע־דרייט אויפן ערשטן שטאָק. אין קאָרידאָר שטייענדיק, האָט מאַדאַם גאָלדבלום אויפגעכאַפּט יידישע רייד, וועלכע האָבן אַדורכגעדרונגען דורך די דינע האָטעל־טירן. אין לעצטן צימער האָט געוויינט אַ קינד און די מוטער האָט עס מיט אַ יידיש לידל געוואָלט פאַרווינן. מאַ־

דאָס גאָלדבלום האָט זיך גלייך אָנגעשטויסן וועגן די איינוווינער זיי־
נען.

די פּאַטראָנקע האָט זי אַריינגעפירט אין אַ קליין, אָנשטעגדיק
האָטעל־צימערל, איר געמאַכט ליכטיק און געבליבן שטיין אויף
דער שוועל, אַראָפּנעמענדיק אַ שליסל פון איר קניפּל.

— האַלט אייער שליסל איגעווייניק! איך וויים נישט צו איר
וועט נאָך היינט קענען ווערן אַריבערגעפירט. צו וואָס האָט איר
געשלעפּט די וואַליזעס? טיילמאָל מוז מען די מענטשן וועגן. דאָס
שיפל קען נישט אויפנעמען קיין באַגאַזש. ווילט איר עפּעס באַשטעלן
עסן?

— גאָרנישט, מאַדאַם. ווען כ׳קען באַקומען אַ הייסן טיי צו
שטילן מיין דורשט.

— איך שיק באַלד אַרויף דאָס מיידל. אַ גוטע נאַכט!

די אַלטינקע האָט לאַנגזאַם פאַרמאַכט די טיר.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

„ווי נאַריש דער מענטש איז — האָט זי געטראַכט — אָנגע־
שלעפּט זיך אַזאַ וועג מיט די בעסטע, שענסטע זאַכן און איצט
וועל איך זיי דאַרפן איבערלאָזן אויף הפקר.“

מען האָט לייכט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר.

— אַריין!

די קעלנערקע, אַ פּויעריש מיידל, מיט אַ וויים בלימל אין אַ
רויטן קאָפּ האָר, האָט אַריינגעטראָגן אויף אַ זילבערנער טאַץ אַ
קריגעלע טיי און אַ וואַזעלע צוקער.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט אויף איר געוואָרפן אַ בליק און אויף
אַ ווײַלינקע האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי איז אינדערהיים און
די דינסט באַדינט איר.

די קעלנערקע, זעענדיק אַזאַ שיינע דאַמע, האָט אין איילעניש
אַ כאַפּ געטאָן אַ בלומען־טאָפּ און אים אַרויפגעשטעלט אויפן טיש.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך צעלאַכט.

גאָכן טיי האָט זי זיך אויסגעטאָן, אַריינגעלייגט זיך אין בעט מיטן געדאַנק:

„אַפשר וועט מען מיך ביינאַכט וועקן?"

פּאַר מידקייט איז זי באַלד איינגעשלאָפן. איר טראַגעדיע האָט זיך אויסגעלאָשן אויף געציילטע שעהן, ביז דער פרימאָרגן האָט זו־ניקע שפּיגעלעך געגומען אויסשטעלן אויף אירע אומבאַקאַנטע ווענט.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט און אַרויס פון בעט. זי האָט זיך דערמאָנט ווו און צו וואָס זי געפינט זיך דאָ. איינהערנדיק זיך ווי אין די שכנותדיקע צימערן איז שטיל געוואָרן, האָט זי מקנא געווען די יידן, וואָס זיינען שוין דעם וועג איבערגע־קומען.

פאַרטיק געוואָרן מיטן טואַלעט, האָט זיך מאַדאַם גאָלדבלום צו־געשטעלט צום פענצטער באַטראַכטן דאָס דאָרף. נעכטן איז עס גע־לעגן אַן אויסגעלאָשנס און היינט שטייט עס אַזוי קלאָר און ליכטיק אין אירע אויגן. די ווייסע און רויטע הייזקעלעך געפלעקט מיט שפּי־קער זון. די ביימער בלישטשען מיט אַ באַזוניקטן גרין. פייגעלעך שפּילן אַריין אין דער פרימאָרגן־שטילקייט. אַ גרינער פּאַס וואַסער, ווי אַ שפּיגל, ליגט איינגעראַמט אין אַ גראָזיקער ראַם און די זון האָט דאָרט ליגן איר גאָלדיק אויג. דער וואַסער־פּאַס איז גלייכגילטיק, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען קיין בריק, וואָס פירט אַריבער פון אַ גיהנום אין אַ רואיקן ווינקל אַריין. וואָלט דער טייך סאַאָן נישט געווען קיין טויטע נאַטור, וואָלט ער געהאַט אַ נשמה, וואָלט זיך איצטער ביים טאָג־ליכט אויף זיין אויבערפלאַך אָפּגעשפּיגלט די שרעק, וואָס יידן האָבן ביינאַכט איבערגעלעבט, אַריבערשיפלענדיק זיך אויף „יענער זייט".

די טיר האָט זיך נערוועז אויפגעריסן. די באַלעבאָסטע פון האָ־טעל האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל און זיך ברעכנדיק די הענט, האָט זי מיט צאַפּלדיקע בליקן קורץ־אָטעמדיק געזאָגט:

— מאַדאַם, אַ שלעכטע בשורה. מיין מאַן איז צוריקגעקומען

בשלום, נאָר מיין זון האָט מען געכאַפּט. איר מוזט גלייך פאַרלאָזן אונדזער הויז. איך שרעק זיך פאַר עפּעס...

— מאַדאַם מאָרגאַן ! — איז די יידישע פרוי אַרויפגעפאַלן אויף דער אַלטינקער — וווהין ווילט איר מיך שיקן ?...

— ווען איר האָט כאָטש פאַלשע פּאַפּירן — איז די אַלטע גע־שטאַנען אַ נעריירטע.

— פאַלשע פּאַפּירן ? — האָט מאַדאַם גאָלדבלום אויפגעריסן אירע אויגן.

די אַלטע האָט זיך פאַרטראַכט.

— טוט אייך גישט אָן אייערע קליידער ! איך וועל אייך באַ־האַלטן אין אַ קעלער.

— זאָל זיין אין אַ קעלער.

די באַלעבאָסטע האָט דער מאַדאַם גאָלדבלום אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט. מיט איילנדיקע טריט זי צוריק אַראָפּגעדרייט פון די שטיגעלער. אַריינגעפירט אין אַ צימער, וו עס האָט געהערשט אַן אומאָרדנונג, איר דערלאַנגט אַן אַלט פויעריש קלייד, געהאָלפן דאָס פאַרקנעפּלען מיט ציטערנדיקע פינגער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריינגעקומען דער באַלעבאָס, אַ געזונ־טער פויערישער טיפּ אין די זעכציקער יאָרן, מיט אַ פּאָר לאַנגע, גראָע וואָנסעס. געזען זיין באַבע זיך פּאָרען אַרום אַ פרעמדער פרויען־פּלייצע, האָט ער זיך גלייך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מוז זיין אַ יידישע פרוי, וואָס וואַרט אויף זיין אַריבערפירן, האָט ער זיך צעשריגן מיט אַ האַרט, פויעריש קול :

— אָריעט, איך זאָג דיר דו זאָלסט נישט מער ריזיקירן.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום פויער און האָט זיך אַ נערוועזע, אַ פאַרצווייפלטע צוריק אויפגעקנעפּלט דאָס קלייד :

— אויב אייער מאַן דערלויבט נישט.

דער פויער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער יידישער פרוי. און ווי דאָס געוויכן וואָלט אין אים אויפגעוואַכט, האָט ער אַ זאָג געטאָן :

— מאַך עס שנעלער, אָריעט!

— פיליפ, דו וועסט אויף דער קעלער־דעק אַרויפשטעלן די אַלטע שאַנק.

נאָכן באַהאַלטן דער מאַדאַם גאָלדבלום, זיינען זיי אַריין אין דער קאַפע. עטלעכע פויערים זיינען געזעסן ביי טישלער. טייל האָבן געראָכערט גראָבע געדרייטע ציגאַרעטן, אַנדערע ליימענע ליולקעס. אויף די טישלער זיינען געשטאַנען קליינע גלעזלעך וויין און גרעסערע גלעזער ביר. זיגזאַגישע וואָלקנדלעך רויך האָבן זיך געטורעמט איבער די טישלער. די פויערים האָבן שטילערהייט גערעדט מיט פאַרביסנקייט קעגן אָקופּאַנט. אַ מאָטאָציקל איז מיט אַ גערויש פאַר־בייגעפאָרן, זיינען זיי שטיל געוואָרן.

פיליפ, דער קאַפע־איינגטימער, האָט זיך איבערגעטאָן אין אַ טונקל־בלויער שירץ מיט שעלקעס. די דינסט האָט ער אַוועקגעטריבן פון „קאָנטואַר“ און ער אַליין האָט זיך אַוועקגעשטעלט סערווירן.

מיטאַמאָל האָט מען הוצפּהדיק אויפגעריסן די טיר. אַ דייטשער אונטעראָפיציר מיט אַ ליסטע אין דער האַנט איז אַריין מיט שטו־רעם. נאָך אים — אַ געשטאַפּאָוויעץ אין ציווילע קליידער. הינטער זיי — צוויי דייטשע זשאַנדאַרמען מיט בלעכלעך אויף די העלדזער. די פויערים האָבן זיך איבערגעשראָקענע אויפגעכאַפּט פון די ערטער.

— פיליפ מאָרגאַן! — האָט דער אונטעראָפיציר אויסגערופן אויף אַ שטאַרק אַקצענטירטן פראַנצויזיש, קוקנדיק אין אַ ליסטע.

— דאָס בין איך! — האָט זיך דער קאַפע־איינגטימער מיט שווערע טריט אַרויסגערוקט פון „קאָנטואַר“ און געבליבן שטיין מיטן קאַסקעט אין דער האַנט.

— דו האָסט אַ זון זשאַן, אַלטער, שמוגלט ער אַריבער יידן אין דער „פרייער זאָנע“. — האָט דער אונטעראָפיציר געשריגן מיט בליצנדיקע אויגן.

— וואָ־עס? מיין זון? ער איז...

— איך האָב איין איינציקן זון, מיינע הערן! — האָט די אַל־טינקע זיך געבראָכן די הענט.

— אדורכזוכן די גאַנצע וווינונג! — האָט דער אונטעראָפיציר באַפוילן.

ווען די זשאַנדאַרמען האָבן זיך מיט פויקנדיקע טריט אַרויפגע־דרייט אויפן ערשטן שטאָק, האָט די אַלטינקע אויפגעציטערט, הגם איצט זיינען קיין יידן נישט געווען אין די צימערן.

— אייערע פּאַפּירן! — האָט דער אונטעראָפיציר אַ געשריי געטאָן צו די פּויערים, וועלכע זיינען געשטאַנען ווי געלייַמט מיט אָפענע מיילער, קוקנדיק מיט שרעק אויפן דייטשן מונדיר.

נאָך דער רעוויזיע האָבן די דייטשן דאָס אַלטע פּאָרל אַוועקגע־פירט צום קאָמענדאַנט.

ביים קאָמענדאַנט אין דער קאַנצעלאַריע האָט דער אונטעראָפי־ציר געמאָלדן:

— הער קאָמענדאַנט, קיין פאַרדעכטיקעם נישט געפונען. דאָס זיינען די עלטערן פון שמוגלער.

— דערציילט דעם אמת וועגן אייער זון זשאַן! — האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן אין אַ צעצויגענעם פראַנצויזיש.

ער האָט זיך אָנגעצונדן אַ ציגאַר און אַרויפגעבלאָזן אַ וואָלקנדל רויך אויף די דערשראָקענע עלטערן.

— איך ווייס, אַז ער איז אומשולדיק! — האָט די אַלטע גע־רעדט פאַרקלעמט.

— דאָס איז געווים אַ טעות — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול.

— איר ווילט אים ריינוואַשן? גוט. פירט אַריין דעם שמוגלער!

מען האָט אַריינגעפירט פון הויף־קעמערל זשאַן מאָרגאַן. ער איז נישט געווען צעשלאָגן, ווי די עלטערן האָבן זיך פאָרגעשטעלט, נאָר די אונטערשלאַק פון זיין מאַרינאַרקע איז געווען אינגאַנצן אויפגע־ריסן. זשאַן האָט געשמייכלט צו זיינע עלטערן, כדי זיי צו באַרואיקן. זיין שוואַרצער קאָפּ האָר איז געווען צעשויבערט. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַ געקינצלטע רואיקייט.

דער קאָמענדאַנט האָט אויפגערוקט זיין שופלעדל. די מוטער

האָט אַ ציטער געטאָן. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער ציט אַרויס אַ רעוואָלווער. דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגענומען אַ פלאַטשיק פלעשל שנאַפּס, דערלאַנגט זשאַנען מיט אַ שמייכל:

— טרינק!

— אייער זון האָט גליק, וואָס מיר האָבן נישט קיין באַווייזן קעגן אים — האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט — ער האָט גראָד אַדורכ־געפירט אַ גרופּע יידן און איין פרוי מיט אַ קינד, וועלכע האָבן זיך בעסער געלאָזט טויטשלאָגן און האָבן דעם שמוגלער נישט אויסגע־געבן. האַנס, פירן זי מיר אַריין די יודן־באַנדע!

מען האָט אַריינגעפירט דריי יידן און אַ פרוי, וואָס האָט גע־האַלטן אַ קינד אין אַ קישן. ס'איז געווען שווער צו דערקענען, צי דאָס קינד שלאָפט, צי ס'איז טויט. די דריי יידן האָבן אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיי נאָר וואָס אַרויסגעשלעפּט פון הינטער אַ צוג, נאָך אַ קאַטאַסטראָפע. זייערע אייגענע מאַמעס וואָלטן זיי נישט געוועזן דערקענט. אויף זייערע מלבושים האָבן זיך נאָך פייכטע שנירלעך בלוט געשלענגלט. ביי דער פרוי זיינען די קליידער געווען צעריסן. דאָס פּנים אויסגעבלייכט. אירע אויגן האָבן דערמאָנט אַ שטיק משוגעת.

— זעט איר, אַז מיר מאַכן אַן אונטערשיד צווישן יידן און פראַנצויזן. נאָר באַפעל איז באַפעל. אייער זון, פאַרן בלויזן חשד, בלייבט פיר וואָכן אין אַרעסט. זשאַנדאַרמעריע, זשאַן מאָרגאַן זאָ־פאָרט אַוועקגעפירט!

די עלטערן זיינען לאַנג געבליבן שטיין אויפן שאָסיי ווי באַטויבטע און נאָכגעקוקט דעם אָפּפאָרנדיקן אויטאָמאָביל.

ביים מיטאָג־טיש האָט די אַלטינקע געזאָגט צו איר אַלטן:

— פיליפּ, דו זעסט די יידן האָבן זיך כמעט געלאָזט טויטשלאָגן און האָבן אונדזער זשאַנען נישט געוואָלט אויסגעבן. איך וויל נישט מער, אַז מיר זאָלן די אַרבעט פאַרזעצן. נאָר פאַר דער פרוי, וואָס געפינט זיך ביי אונדז אין הויז, דאַרף מען עפּעס טאָן צו ראַטעווען

איר לעבן. האָסט זי אָנגעקוקט, ווען מען האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון קעלער ?

— וואָס קען מען דען טאָן פאַר איר ?

— איר מאַכן פאַלשע פּאַפּירן.

— קודם טראַכט איך ווי אַזוי כ'זאָל זשאַנען קענען אַריינשיקן עסן און צו רויכערן.

— זשאַן איז נישט אומגליקלעך. די יידן ווערן פאַרפאָלגט אָן פאַרברעכן. איך ווייס גאָרנישט פאַרוואָס דאָס קומט זיי ?

— לאָז מיך צורו, איך וועל רעדן מיטן קאָמיסער.

— נישט רעדן, נאָר אויפטאָן. זאָגסט מיר צו, פיליפּ ?

— איך זאָג דיר צו. נו, לאָמיר שוין זען די פאָרשפּייז פאַר די אויגן.

— זשאָרזשעט ! — האָט די אַלטינקע גערופן די דינסט — האָסט אַרויפגעטראָגן עסן אין צימער נומער אַכט ?

— יאָ, מאַדאַם !

— אַ דאַנק !

די אַלטע האָט זיך צוגעזעצט צום טיש עסן און האָט כסדר אַריינגערעדט אין איר מאַן, אַז ער זאָל גלייך נאָכמיטאָג אַוועק צום קאָמיסאַר.

דער אַלטער האָט געקייט אויף ביידע באַקן און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

מאַדאַם גאָלדבלום איז געלעגן אויפן בעט אין אָנגעטועכץ, אַ פאַרטראַכטע און זיך געשפּילט מיטן צלמל.

ווען מאַדאַם מאָרגאַן איז אַריינגעקומען, האָט זי זיך מיט אַ ציטער אויפגעכאַפּט און אויסגעשריגן :

— מאַדאַם מאָרגאַן, זאָגט מיר וואָס וועט זיין מיין סוף ? פירט מיך אַריבער, פירט מיך אין וואַסער אַריין, נאָר זאָל זיך דאָס אַלץ שוין ענדיקן...

— טאָכטער, נאָר נישט פאַרצווייפלען ! דו ביסט אַריינגעפאַלן אין גוטע הענט. איצט קאָן איך דיר שוין זאָגן דו. אפשר היינט נאָך

וועסטו ווערן מיין טאָכטער. איך בין געקומען נאָך צוויי פּאַטאָ־
גראַפיעס.

מאַדאַם גאָלדבלום איז געבליבן זיצן אויפן ראַנד פון בעט אַ
צעמומלטע. אירע פינצטערע בליקן האָבן דערזעען אַ בליץ, וואָס באַ־
לויכט און שרעקט איבער.

— איך פאַרשטיי אייך נישט, מאַדאַם מאָרגאַן!

די אַלטינקע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל, גענומען די
הענט פון מאַדאַם גאָלדבלום, ווי מען נעמט די הענט פון אַ קינד
ווען מען וויל עס באַרואיקן. זי האָט איר אַלץ דערציילט און אויס־
געלאָזט:

— דו הייסט פון היינט אָן מאַרגעריט מאָרגאַן, נאָך מיינס אַ
געשטאָרבענער טאָכטער.

— מאַרגעריט מאָרגאַן, נאָך אייערס אַ געשטאָרבענער טאָכ־
טער?...

און ווען די אַלטע איז אַוועק, איז נאָך מאַדאַם גאָלדבלום לאַנג
געבליבן זיצן אויפן בעטל נאָכטראַכטנדיק:

„נאָך אַ געשטאָרבענער?..."

*

מיט פיר וואָכן שפּעטער, אין אַ זונטיק אָוונט, ווען דאָס דאָרף
איז געלעגן פאַרזונקען אין שטילקייט, אין חשכות, איז ביי פּיליפּ
מאָרגאַן אין גרויסן עס־צימער געפּראַוועט געוואָרן אַ באַשיידענע
אויפנאַמע לכּבוד זייער זונס באַפרייט ווערן פון דייטשע הענט.

די לאָדנס ביי די מאָרגאַנס זיינען געווען פאַרהאַמערט, די פענצ־
טער — פאַרדעקט מיט שווערע טאָפּלט־פאָרהאַנגען. אין אַלטמאָ־
דישן זשיראַנדאָל האָבן קוים געברענט צוויי לעמפּלעך איבערגע־
צויגן מיט טונקל־בלוי פּאַפּיר. דאָס מלחמה־ליכט האָט מיט אַ בלוי־
לעכן שיין באַלויכטן די עטלעכע איינגעלאַדענע געסט: אַ צוויי־דריי
שכנים מיט זייערע פרויען און קינדער.

מאַדאַם גאָלדבלום איז געבליבן באַהאַלטן אין איר צימערל.

אפילו די גוטע פריינט, וואָס האָבן אַלץ געוווסט וואָס ביי פיליפּ מאָרגאַן אין הויז קומט פאָר, האָבן זיי דעם סוד נישט געוואָלט געטרויען. מאַדאַם גאָלדבלום איז געזעסן ביים פענצטער מיט אַ בוך אויף די קניען און זיך איינגעהאָרכט אין די פויערישע געלעכטערס, וואָס זיינען געקומען פון עס־זאַל. אירע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט שטילע געזאַנגען, דעם אָפּהילך פון אויפגעפּראָפּטע פלעשער, דעם געקלאַנג פון גלעזער. נישט קענענדיק באַנעמען דאָס בוך, וואָס זי האָט געפּרוווט לייענען, האָט זיך מאַדאַם גאָלדבלום אויסגעזוכט אַן אַנדערע צעשטרייאונג.

זי האָט געעפנט אירם אַ וואַליזע און אַרויסגענומען אַ פּעקל פּאָסט־קאַרטלעך פון אירע פריינט אין דער „פרייער זאָנע". זי האָט זיך, ווי צום ערשטן מאָל לייענענדיק, ווידער פאַרטראַכט איבער די אָנצוגעהערעניש פון אירע פריינט, אַז זי זאָל בלייבן דאָ, אויב זי איז נישט באַדראָט. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם אויסדרוק, וואָס איר מאַנס אַ קאָלעגע, אַדוואָקאַט מייזעל, האָט באַנוצט: „מען כאַפּט דאָ אויך פיש, אַזוי גוט, ווי אין פּאַריזער סען און מען שיקט זיי אַוועק אין אַנדערע לענדער". די קאַרטלעך האָבן ביי איר אַרויס־גערופן טיפע בענקשאַפט. יעדער איבערגעלייענטער נאָמען האָט איר דערמאָנט אין אויפנאַמעס, אין פרייע, גליקלעכע מאָמענטן פון איר לעבן.

זי האָט אָפּגעזיפצט. זי איז צוגעשפּרונגען צום האַנט־בייטל, נאָכאַמאָל באַטראַכטן אירע אַרישע פּאַפּירן און זי האָט בשום אופן נישט געקענט באַנעמען פאַרוואָס איר האַרץ שלאָגט אַזוי האַסטיק. ווען זי רירט זיך צו צום האַנט־בייטל, וווּ עס ליגן אירע פּאַפּירן.

מען האָט אָנגעקלאַפּט. אין דער טיר איז געשטאַנען זשאַן. אַ הויכער פעסטער יונג מיט אַ שמייכלדיק פּנים.

— שוועסטער! — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אומדרייסט אויף מאַדאַם גאָלדבלום — איך בין אייך געקומען איינלאַדן צום טיש. די פרעמדע מענטשן זיינען שוין אַוועק.

— איך דאַנק אייך. איר זעט דאָך, אַז כ'האָב זיך שיין געמאַכט צו דער אויפנאַמע.

— איר זיינט אַלעמאָל שיין.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך צעלאַכט און באַלד געוואָרן מיד ערנסט.

— זשאַן, איך וואָלט אייך עפּעס געבעטן.

— מיך ? — האָט ער אויפגעצאַפּלט פאַר פרייד.

— איך וואָלט געוואָלט, זשאַן, אַז איר זאָלט מיך אַריבערפירן אויף יענער זייט. גוטע פּאַפּירן האָב איך. איך האָב דאָרט אַזויפיל גוטע פריינט; דאָ האָב איך קיינעם נישט.

פון אונטן האָט די אַלטע גערופן :

— זשאַן, מאַרגעריט ! זשאַן, מאַרגעריט !

זיי זיינען אַראָפּ אין עס־זאַל. מען האָט מאַדאַם גאָלדבלום אויפגענומען ווי אַן אייגן קינד. זי האָט געמוזט פאַרזוכן פון אַלע געמעראַנקעץ, וואָס זיינען אויפן טיש געווען אויפגעשטעלט. זי איז געבליבן זיצן אַ האַלב־שיכורע. זינט איר מאַנס טויט איז עס געווען צום ערשטן מאָל, וואָס זי האָט געלאַכט מיט אַ האַלב־אויסגעלאָשענעם באַוווסטזיין. ווען איר בליק איז געפאַלן אויף דער פאַרשטויבטער פּיאַנע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, ווי אַן איבעריק שטיק מעבל, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט און אַ זאָג געטאָן :

— אויב איר דערלויבט, וועל איך עפּעס שפּילן.

— איר שפּילט פּיאַנאָ ? — האָט זשאַן געפרעגט, געעפנט די דעק און אָנגעצונדן דאָס לעמפּל.

און באַלד נאָכדעם, אַ גראַציעזע באַוועגונג, ווי אירע פינגער וואָלטן נאָכגעלאָפן אַ פליענדיקע זאַך איבער די קלאַווישן. צאַרטע טענער האָבן זיך צעגאָסן איבערן שטילן צימער, אַרויסגעריסן זיך דורך די פאַרמאַכטע פענצטער אין דערפל אַריין.

דער דייטשער קאָמענדאַנט טאָמאַס בראַנד, וואָס האָט זשאַנען פאַרמשפּט אויף פיר וואָכן אַרעסט, איז אַדורכגעפאָרן אויף אַ ראָווער. הערנדיק שפּילן פּיאַנאָ אין אַ דאָרף, וואָס ליגט אַזוי פאַרזונקען

אין שטילקייט, איז ער נייגעריק געוואָרן: ווער קען אין אַזאַ העק זיין אַזוי באַגאַבט?

גישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי פּיליפּ מאָרגאַנס קאַפע. דעם ראָוור האָט ער אָנגעלענט אין אַ ביימל און חוצפּהדיק אַנגעקלאַפּט.

די פּיאַנע־טענער האָבן זיך איבערגעריסן, ווי אַ געפּלאַצטע סטרונע אויף אַ פידל.

— עפענען! דאָס איז דער דייטשער קאָמענדאַנט.

ביי די מאָרגאַנס האָבן אַלע אויפגעצאַפּלט פאַר שרעק. זשאַן איז צוגעשפּרונגען צו דער מאַדאַם גאָלדבלום:

— שנעלער, אין אייער צימער אַריין!

— ניין! — האָט דער אַלטער געזאָגט, אַרומקוקנדיק זיך — מען מוז דאָך אים ווייזן ווער עס האָט געשפּילט פּיאַנאָ.

— ריכטיק. זי קען בלייבן — האָט די אַלטינקע געזאָגט.

זשאַן האָט געעפנט די טיר. דער קאָמאַנדאַנט איז אַריינגעקומען מיט אַן עלעקטריש לעמפל אין דער האַנט. דערזען זשאַנען, האָט ער אים איראָניש באַגריסט:

— איר זענט, זע איך, אַרויס פון אונדזער טורמע, ווי פון אַ פּענסיאָנאַט.

דערנאָך האָט ער פריינטלעך באַגריסט די מאָרגאַנס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און זיין בליק איז געפאַלן אויף דער מאַדאַם גאָלד־בלום.

זי איז געזעסן ביי דער פּיאַנע אין אַ ווייסער סאַטין־בלוזקע. אַ פּער־שוואַרצע פּאַסמע האָר האָט זיך איר ווי אַ פליסנדיקע כוואַליע, געגאָסן איבערן רעכטן אַקסל. די שוואַרצקייט פון אירע זיידענע האָר זיינען געוואָרן איבערגעצויגן מיט אַ בלויליכן אָפּשיין פון די עלעק־טרישע לאָמפּן. אירע אויערינגלעך האָבן געפינקלט מיט צוויי פייער־דיקע שטיינדלעך. אויף איר העל, לויטער פּנים זיינען די פאַרבן בלייך געוואָרן. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינען געוואָרן נאָך גרעסער הינטער די לאַנגע, זיידענע וויעס.

דער קאָמענדאַנט איז געבליבן אַזוי פאַרגאַפּט פון איר שיינקייט, אַז דאָס עלעקטרישע לעמפּל איז געבליבן ברענען אין זיין האַנט.

— אַנטשולדיקט, מיינע הערשאַפטן, וואָס כ'האָב אייך מיט מיין וויזיט געשטערט! — האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט מיט אַן עלע־גאַנטן שמייכל.

ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר מאַדאַם גאָלדבלום, אויסגעטאָן זיך דאָס מיליטערישע היטל, אַנידערגעלייגט דאָס אויפן טיש מיט דער דענקע אַראָפּ, אַריינגעלייגט זיינע לעדערנע הענטשקעס. באַמערקט זיין לעמפּל ברענט נאָך, האָט ער עס פאַרלאָשן מיט אַ פאַרשולדיקט שמייכעלע און געוואַרט מען זאָל אים הייסן זיצן.

— איך האָב אייך איבערגעשראָקן? איצט בין איך נישט אַמט־לעך.

און ער האָט זיך אַליין אַוועקגעזעצט.

— ווער איז די פּיאַניסטין?

— מיין טאָכטער מאַרגעריט — האָט די אַלטע אַרויסגערעדט מיט אַ ציטער.

— המ... אייער טאָכטער. ווען איר וואָלט זי דעמאָלט מיטגע־בראַכט צו מיר, וואָלט אייער זון אויף איין טאָג נישט געווען פאַר־משפּט.

און עפּענענדיק זיין זילבערנע ציגאַרעטניצע, האָט ער אָנגעבאָטן:

— רויכערט, מיינע הערן! און פאַר אייער טאָכטער האָב איך פרויען־ציגאַרעטן. איר רויכערט, מאַדמואַזעל?

— ניין, זי רויכערט נישט! — האָט די אַלטע געענטפערט, אַז די מאַדאַם גאָלדבלום זאָל מיט איר שטימע נישט פאַראַטן איר שרעק.

— כאַ־כאַ! איר ציטערט נאָך אַלץ. וואָס מיינט איר, איך בין אַ באַרבאַר? איך האָב אויך אַ טאָכטער, אַ פּיאַניסטין אין האַמ־בורג. איך האָב זייער ליב מוזיק. מאַדמואַזעל, איך וועל אייך בעטן, פאַר מיר עפּעס שפּילן.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך איינגעקאָרטשעט אויפן שטול. אירע

פינגער האָבן אָנגעהויבן ציטערן. נאָר פּילנדיק אויף זיך די בליקן פון דער פאַמיליע מאָרגאַן, האָט זי אָנגעהויבן שפּילן שאָפּענס „נאָקטיורן“.

ווען זי האָט געענדיקט און דער קאָמאַנדאַנט האָט הילכיק אַפּלאָ־דירט, האָט זיך מאַדאַם גאָלדבלום אויפגעכאַפּט, געזאָגט אַ „באָן סואַר“ און מיט נערוועזע טריט, פאַרלאָזט דעם עס־זאַל. דער קאָ־מאַנדאַנט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איר נאָכגעקוקט. ער האָט געזען, ווי אירע פיין־געשניצטע פיס דרייען זיך אַריין אין די שטי־גען. ער האָט באַמערקט ווי איר האַלב סאַמעט־קליידל גיט נאָך אַ פלאַטער, ווי אַ פליגל, און פאַרשווינדט. און פאַרשווונדענערהייט שוועבט נאָך איר רייץ אין זיינע אויגן און צינדט אין אים אָן אַ פייער.

דער קאָמאַנדאַנט האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ באַליידיקטער.

— מיינע הערשאַפטן ! פאַר דער אומפריינטלעכקייט פון אייער מאַכטער, וועל איך אייך האָבן אויפן אויג. אויף ווידערזען, מיינע הערשאַפטן !

ער איז האַסטיק אַפּגעגאַנגען. זיינע שטיוול האָבן אָפּגעהילכט אין אַלע צימערן און נאָך מער, אין די אויערן פון דער פאַמיליע מאָרגאַן, וועלכע איז עטלעכע מינוט געבליבן שווייגנדיק, מיט פאַר־ביסענע ליפּן און זיך אָנגעקוקט.

דערנאָך זיינען זיי אויפגערעגטע אַרויף צו דער מאַדאַם גאָלד־בלום.

— וואָס האָט איר געטאָן ? פאַרוואָס זיינט איר אַוועק ?

— איך האָב לענגער נישט געקענט פאַרטראָגן זיין אָנוועזנ־הייט.

— אָריעט, איצט זע, אַז איך בין געווען גערעכט — האָט דער אַלטער געזאָגט, אַרויסגייענדיק.

— מאַך מיר נישט קיין שווער הארץ — האָט זיך די אַלטע געבעטן, נאָכקריכנדיק איר מאַן.

— זשאַן, נעם מיך אַרוים אויף אַ שפּאַציר — האָט זיך מאַדאַם גאָלדבלום געבעטן — איך וויים נישט וואָס מיט מיר איז. איך ווער

משוגע. די וועלט איז מיר צו ענג. קום, קום! איצט איז דאָך שוין אַלץ איינס. ער ווייסט דאָך שוין...

— רעד מיר נישט פון אים! קום!

די נאַכט האָט געשמעקט מיט בלומען־ריחות. דער הימל איז געווען געדיכט אויסגעשטערנט. אַ לייכט, מהיהדיק ווינטל האָט געבלאָזן. זשאַן האָט מאַדאַם גאָלדבלום געגומען הינטערן אָרעם. זי איז געגאַנגען אַ שווייגנדיקע און אַ נישט־דערוויינט געווין האָט זיך געוואָרגן אין איר קעל. זשאַן האָט אָנגעהויבן פייפן. דערנאָך זינגען אַ ליד. מאַדאַם גאָלדבלום האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין מויל, ער זאָל שווייגן.

זשאַן האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט דער פרוי אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אינסטינקטיוו מיטגעפילט, וואָס אין איר קומט פאָר...

צומאָרגנס האָט געהערשט אַ שטילער ברוגז צווישן די מאָרגאַנס און מאַדאַם גאָלדבלום. הגם זי האָט, ווי תמיד, צוגעהאָלפן אין דער קיך, האָט די אַלטינקע צו איר ווייניקער גערעדט. דער אַלטער איז אַרומגעגאַנגען און געברומט. און זשאַן איז איר נישט געווען דרייסט צו קוקן אין די אויגן אַריין.

פאַרנאַכט־צו, איידער די זון איז פאַרגאַנגען, איז צו דער פאַמיליע מאָרגאַן אַריינגעקומען דעם קאָמענדאַנטס דענשטשיק און אַרויסגעלייענט אַ באַפעל פון אַ פאַפיר.

„מיינע הערשאַפטן, מאָרגאַן! אייער טאָכטער מאַרגעריט איז פייערלעך איינגעלאַדן צום קאָמענדאַנט אויף אַן אויפנאַמע. היינט אָוונט, פּינקטלעך 9 אַזייגער ווערט זי דערוואַרט. אין פאַל פון אַן אָפּזאָג, דראָט די גאַנצע פאַמיליע אַ לעבנסגעפערלעכע שטראָף“.

איבערגעלייענט, האָט דער דענשטשיק איינגעוויקלט דאָס פאַפיר און איז אַוועק.

אַ ווײַלע זיינען די מאָרגאַנס געבליבן שטיין פאַרשטומטע און האָבן זיך אָנגעקוקט... אָבער באַלד איז דער אַלטער מאָרגאַן געוואָרן אויפגעברויזט:

— דו, אָריעט, האָסט געברענגט אַן אומגליק אויף מיין הויז.

אויב זאָגט זי אָפּ די וויזיט, זיינען מיר אַלע איינגעשטעלט מיטן לעבן. ער וועט שוין אויף אונדז עפּעס געפינען. איך פרעג זיך, צו וואָס האָט מיר דאָס געטויגט ?

— זי מוז נישט אַהינגייען, זי קען אַנטלויפן — האָט זשאַן געזאָגט, שפּאַנענדיק איבער דער קאַפּע.

— וואָס ? אַנטלויפן ? און וואָס וועט זיין מיט אונדז ? גיי בעסער אַרויס, זשאַן און רעד מיט איר.

— איך קען נישט און וועל מיט איר נישט רעדן וועגן דעם — האָט זשאַן געזאָגט אַנטשלאָסן.

— טאָ גיי דו אַרויס, אָריעט ! דו האָסט דאָך געוואָלט האָבן אַ יידישע טאָכטער.

די אַלטינקע האָט זיך קוים אַ ריר געטאָן און אָנגעהויבן אַרויפקריכן אויף די שטיגן. שוין צוויי צענדליק יאָר ווי מאַדאַם מאָרגאַן באַטרעט די שטיגן און נאָך קיינמאָל איז איר דאָס אַרויפגיין נישט אָנגעקומען אַזוי שווער, ווי דאָס מאָל.

זי איז אַריין צו דער מאַדאַם גאָלדבלום מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ... מאַדאַם גאָלדבלום איז געלעגן אויפן בעטל אין אַ ווייסן פּעניואַר און געלייענט אַ צייטונג.

— וואָס לייענסטו, מאַרגעריט ?

— זשאַן האָט מיר געבראַכט אַ פּאַריזער צייטונג. איך בין אים דאַנקבאַר. איר ווייסט ? יידישע אויפשטענדלער האָבן אין פּאַריז אויפגעריסן אַ האָטעל באַזעצט מיט דייטשע אָפיצירן און מיט פראַנצויזישע פּראָסטיטוטקעס. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. איך באַדויער, וואָס איך האָב באַקומען אַזאַ דערציאונג און האָב נישט קיין מוט זיך צו באַטייליקן אין אַזאַ וויכטיקער אַרבעט.

מאַדאַם גאָלדבלומס פּנים האָט געשטראַלט. דער זיסער נקמהטראָפּן האָט זי אָנגעשיכורט. די אַלטינקע איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענע. זי האָט לאַנג געקוקט אויף דער מאַדאַם גאָלדבלום און האָט נישט געהאַט קיין האַרץ איר אָנצוזאָגן די שלעכטע בשורה.

— איר ברויכט מיך, מאַדאַם מאָרגאַן ?

— שפעטער...

און זי האָט זיך צוריק אַרויסגעשלייכט פון צימער.

אַראָפּקומענדיק, זיינען פאָטער און זון איר אַקעגנגעלאָפן.

— נו ?...

— איך... דערציייל איר איינציקוויין.

— גיי צוריק אַרויף און מאַך אַן ענדע ! — האָט דער אַלטער זיך אַ טרייסל געטאָן.

— איך קען נישט מער ! — האָט די אַלטינקע זיך שווער אַראָפּ־געזעצט.

— און דו, זשאַן ?

— איך ? — האָט זיך זשאַן מיט אַ פינגער אַ שטאָך געטאָן אין האַרץ אַריין...

ער האָט גענומען אַרומשפּאַנען אַן אויפגעברויזטער... אויף אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט מיטן בליק, געווענדעט צו דער טיר... דערנאָך האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש, אַראָפּלאָזנדיק, מיט אַ שטאַרקן אָפּהילך, אַ געביילטע פויסט. און אַזוי אין דער פּאָזע איז ער גע־בליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער...

דער פאָטער האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרביסענע ליפּן.

גראָד דעמאָלט האָט זיך מאַדאַם גאָלדבלום, מיט שטילע טריט, אַריינגעשלייכט. זי איז געגאַנגען ווי פאַרפאָלגט פון אַן אומרו...

— עס האָט מיך נישט געלאָזט דערליגן. איך פיל, אַז עפּעס איז געשען. וואָס שווייגט איר ? וואָס באַהאַלט איר אוים פאַר מיר ?

— האָט מאַדאַם גאָלדבלום עפּעס געזוכט אויף די דריי ערנסטע פּנימער...

— זיץ, מאַרגעריט ! — האָט די אַלטינקע געזאָגט מיט אַ פאַרקלעמט קול.

און ווי נאָר די מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט איר די אַלטינקע, לאַנגזאַם, מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם, דערציילט די געשעעניש...

אַ מינוט האָט מאַדאַם גאָלדבלום געקוקט אויף דער אַלטינקער

מיט אויפגעריסענע בליקן... דערנאָך איז איר קאָפּ האַסטיק אַריינ־געפאַלן אין אירע הענט. איר צעלאָזענער קאָפּ האָר, ווי אַ געעפנטער שירם, איז אַ פאַל געטאָן איבער אירע קניען.

די אַלטינקע האָט זיך געביסן אַ פינגער, אַז דער ווייטיק זאָל פאַריאָגן אַן אַנדערן ווייטיק.

פלוצלונג איז מאַדאַם גאָלדבלום אויפגעשפּרונגען און מיט אַ פאַרקלעמטער שטימע אויסגעשריגען :

— איך פאָר צוריק קיין פאַריז. זאָל מען מיך כאַפּן אויפן וועג. מיר איז אַלץ איינס. יאָ, אָבער וואָס וועט זיין מיט אייך ? — איז זי געבליבן שטיין מיט פאַרבראָכענע הענט אַ פאַרצווייפלטע.

ווי מיט אונטערגעבראָכענע קניען האָט זי זיך אַרויפגעהויבן מיט די שטיגן.

אַריינקומענדיק אין איר צימער האָט זי קראַמפּהאַפט אָנגענומען און גלייך צוריק אָפּגעלאָזט דאָס הענטל פון איר וואַליזע און גע־בליבן שטיין פאַרטראַכט... זי האָט אויף יעדן קעגנשטאַנד אין צימער געקוקט ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער צעקנייטשטער צייטונג אין איר בעטל. אַ וואָרט „נקמה“ האָט זיך אַריינגעשטאָכן אין איר זוכנדיקן בליק. זי האָט צעטומלט אָנגעהויבן לויפן איבערן צימער. זי האָט באַקוקט אירע הענט מיט די לאַנגע פּיאַנאָ־פינגער. זי האָט זיך אַריינגעשטעלט אין שפּיגל און זיך באַטראַכט. דערנאָך האָט זי גענומען ווילד שלעפּן קליידער פון איר וואַליזע. זי האָט זיך אָנגעטאָן דאָס זעלבע געבלימלטע קלייד, אין וועלכן זי איז געקומען אַהער. אין איר מוח האָט עפּעס גערוישט... זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער קוקן אין גאַס אַריין. דערנאָך האַסטיק צוגעשפּרונגען צו אירע וואַליזעס און גע־נומען פּאַקן. זי האָט עטלעכע מאָל איבערגעפּאַקט און נישט געקענט ענדיקן.

מיטאַמאָל האָט זיך צו אירע אויערן דערטראָגן אַ ווייטער גע־רויש פון אַן אויטאָמאָביל. זי האָט אינסטינקטיוו אויפגעציטערט.

נישט־פאַרשטייענדיק פאַרוואָס גראָד דער געוויש האָט זי אַזוי אויפ־געטרייסלט...

מיט לאַנגזאַמע, שווערע טריט איז זי צוריק אַראָפּ צו די מאָר־גאַנס.

— וווּ טו איך זיך אַהין ? — האָט ביי דער מאַדאַם גאָלדבלום אָנגעהויבן ציטערן די אונטערשטע ליפּ. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

זשאַן האָט זיך אַוועקגעדרייט.

די אַלטע האָט אויף איר געקוקט אַ ציטערנדיקע.

דער אַלטער מאָרגאַן האָט זיך נערוועז געדרייט אַ וואָנסע.

— זיי האָבן נישט געדאַרפט דערלעבן צו באַטרעטן די פראַנ־צויזישע ערד, די „באָשן“, אונדזערע האָבן אויך צוגעהאָלפן. עס איז אָבער נאָך נישט געענדיקט די מלחמה...

אַן אָנפאָרנדיקער אויטאָמאָביל האָט איבערגעריסן זיינע רייד. אַ דייטשער שאָפער, אַן אויבערשיצער, האָט ביי די מאָרגאַנס אויפ־געפּראַלט די טיר און געמאָלדן:

— איך בין געקומען אָפּפירן צום קאָמענדאַנט די מאַדמואַזעל מאַרגעריט מאָרגאַן !

דריי קעפּ האָבן זיך אַ הויב געטאָן און געקוקט אויף דער מאַ־דאַם גאָלדבלום. זי האָט זיך אויסגעדרייט און אויסגעווישט די אויגן. זי איז נאָך אַ ווײַלע געבליבן שטיין און געקוקט אויף די מאָרגאַנס. זי האָט נערוועז געשרויפט דאָס רינגל אויף איר פינגער. זי האָט שווער געאָטעמט, ווי מען וואָלט איר געצאַפּט בלוט... און באַלד זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ווילד אַרויסגעשפּרייזט און אַוועקגעפאַלן אויפן געזעס פון קאָמענדאַנטס אויטאָמאָביל.

*

דער קאָמענדאַנט טאָמאַס בראַנד האָט פאַרנומען אַ צוויי־שטאָ־קיקע „שאַטאָ“ האַרט ביים ברעג פון טייך סאָאָן. אין זיין אויפנאַם־צימער האָט דער קאָמענדאַנט איצט אַרומגעשפּאַנט, אַן אויסגע־

סטראָיעטער, ווי צו אַ פּאַראַד. ער האָט געטראָגן דעם שענסטן מונדיר פון זיין גאַרדעראָבע. אין זיינע שטיוול האָט מען זיך גע־קענט שפּיגלען. נאָר דער פלאַקסענער קאָפּ האָר און זיינע ווייסע וויעס איבער די וואַסערדיקע אויגן, האָבן נישט האַרמאָנירט מיט זיין עלעגאַנץ.

אינמיטן טיש פון זיין אויפנעם־צימער איז געשטאַנען אַ בוקעט רויטע רויזן אין אַ מילך־ווייסן וואַזאָן. עטלעכע פלעשער געטראַנקען — אויף אַ באַזילבערטער טאַץ. אין אַ קאַרבירטן קליאַש פון גע־שליפן גלאָז האָבן פאַרשיידענע קאָלירן פון פּרוכטן זיך צונויפגע־גאָסן אין אַ האַרמאָניש פאַרבן־שפּיל. אַ באָמבאָניערקע נאַשוואַרג מיט געמאָלענע נאַרציסן אויף דער טאָוול איז געלעגן אויפן טיש, פאַרבונדן מיט אַ רויט שלייפעלע. אַ גרויסער לאָמפּ אין אַ קאָליר־טער וואַזע איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ בלוי־זיידענעם אַבאַזשור, געשטרייפט די ווענט מיט בלויע פּאַסן, אַריינגעגאָסן אַ זילבערנעם אָפּשיין אין די טעלער, געהאָנגען אויף די ווענט מיט קונסטמאַלע־רייען, ביז צום ראַנד.

שפּאַנענדיק, האָט דער קאָמאַנדאַנט געקוקט אויפן אַלטמאָדישן קאַמין־זייגער, אויפן האַנט־זייגערל... די ציגאַר אין מויל האָט ער נישט געצויגן, נאָר געביסן שטיקער פון איר...

אַן אויטאָמאָביל איז אָנגעפאָרן. דער קאָמענדאַנט האָט אויפגע־צאַפּלט.

באַלד האָט מען אָנגעקלונגען און דער דענשטשיק האָט גע־מאָלדן :

— מאַדמואַזעל מאַרגעריט מאַרגאַן !

דער קאָמענדאַנט האָט זיך מיטן פּאַסיק איינגעצויגן זיין ביר־בויך און אַרויס אין קאָרידאָר. ער האָט מיליטעריש סאַלוטירט און געזאָגט מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט :

— אַ, באָן־סואַר, מאַדמואַזעל ! איך בעט אייך אַריין אין סאַ־לאָן. איך בעט אייך צום טיש. איך בעט אייך צו זעצן זיך דאָ, ביים פענצטער, וועט אייך זיין לופטיק.

— אַ דאַנק! — האָט מאַדאַם גאָלדבלום געזאָגט, נישט קוקנ־דיק דעם קאָמענדאַנט אין די אויגן אַריין.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן פּאָטעל, וואָס דער קאָמענדאַנט האָט איר אונטערגערוקט. אַלץ אין צימער האָט גענומען טאַנצן פאַר אירע אויגן... איר האַרץ האָט זיך האַסטיקער גענומען באַוועגן... אין איר מוח האָבן זיך געפּלאָנטערט געדאַנקען...

זי האָט זיך באַוויזן, ווי דער באָדן וואָלט זי געבריט. זי האָט עפּעס געזוכט מיט די אויגן... איר בליק איז געפאַלן אויפן פרוכטן־מעסער מיט דער ברייטער שאַרף. לאַנגזאַם האָט זי גענומען דאָס מעסער אין האַנט און האָט זיך געשפּיגלט אין דער שאַרף. זי האָט געוואָלט דערגיין צי איר פּנים איז גענוג רואיק, נישט צו פאַראַטן איר יידיש־קייט.

דער אומרו, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן, האָט אַפּנים איר שיינקייט צוגעגעבן רייץ. דער קאָמענדאַנט איז געשטאַנען ביים טיש, אַ פאַרשטוממטער, פאַרכישופט פון איר שיינקייט. ער האָט אפילו נישט געזען, אַז זי שפּיגלט זיך אין מעסער... ער האָט נאָר געזען, ווי צווישן אירע געטאָקטע ברוסטן הענגט אַ גאָלדענער צלם...

— מאַדמואַזעל מאָרגאָן. איך דערלויב זיך אייך צו מאַכן אַ פאָר־וורף. פאַרוואָס נישט אַזוי גרויסאַרטיק פאַרקעמט, ווי געכטן אָוונט? פאַרוואָס האָט איר זיך נישט אָנגעטאָן צו מיין וויזיט די ווייסע סאַ־טין בלוזע?

ער האָט איר געקוקט אין די אויגן אַריין. זיינע בליקן האָבן איר געשניטן דאָס האַרץ, ווי מיט מעסערס. זי האָט זיך גענומען וויגן אויפן פּאָטעל.

— איך וואָלט וועלן וויסן, הער קאָמענדאַנט, דעם ציל פון אייער איינלאַדונג.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דער קאָמענדאַנט צעלאַכט, אַוועק־זעצנדיק זיך אויפן פאָרענטש פון מאַדאַם גאָלדבלומס פּאָטעל — אַ פראַנצויזיש מיידל און אַזוי נאַאיוו. איר פאַרשטייט נישט, צו

וואָס אַ מיליטער־מאַן לאַדט איין אַ מיידל? — האָט ער זי מיט צוויי פינגער אָנגענומען ביי דער שפּיץ גאָמבע.

מאַדאַם גאָלדבלום איז אויפגעשפּרונגען פון פאָטעל:

— הער קאָמענדאַנט! — האָט זי זיך באַמיט צו רעדן רואיק — איר האָט נעכטן ביי אונדז אין הויז געזאָגט, אַז איר האָט אויך אַ טאָכטער אַ פּיאַניסטין. נו, וואָלט איר זיך געווונטשן, אַז אַ פראַנצויזישער מיליטער־מאַן זאָל זי איינלאַדן צו דעם זעלבן צוועק, וואָס איר האָט מיך איינגעלאַדן?

זי האָט אים געטראָפן, ווי אַ פייל אין האַרצן. דער מונדיר איז אים צו ענג געוואָרן. עס איז אים באַפאַלן אַזאַ היץ, אַז ער האָט זיך אויסגעטאָן דעם מונדיר, אים אָנגעהאָנגען אויפן פאָטעל. דער צעלאָזענער פּאַסיק האָט אַ קלונג געטאָן אויפן פּאַרקעט.

מאַדאַם גאָלדבלומס בליק איז געפאַלן אויפן קליינעם רעוואָלווערל, אין אַ העלער שייד. זי האָט באַמערקט, ווי די שייד איז פאַרמאַכט מיט אַ האַטשיקל. און אַ געדאַנק האָט גענומען עקבערן איר מוח...

דער קאָמענדאַנט האָט נערוועז געשפּאַנט איבערן סאַלאָן, אָפּגעשטעלט זיך און געזאָגט:

— מאַדמואַזעל, איר האָט מיר געשטעלט אַ פראַגע... אַן אַנדערע פּערזאָן וואָלט איך פאַר אַזאַ פראַגע דערשאָסן.

— ביטע זייער, אָט האָט איר דעם רעוואָלווער! — האָט מאַדאַם גאָלדבלום אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויפן רעוואָלווער און איר בליק איז דאָרט לאַנג געבליבן הענגען.

דער קאָמענדאַנט האָט באַטראַכט איר בליק... ער איז צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען דאָס רעוואָלווערל פון דער שייד, עס אַריינגעלייגט אין דער טאַש אַריין זאָגנדיק:

— ביי אונדז לאָזט מען קיין געווער נישט הפקר. אפילו אין דער אָנוועזנהייט פון אַ דאַמע, צו וועלכער מען האָט דעם גרעסטן צוטרוי.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט פאַרביטערט געשוויגן.

— אַ גלעזעלע ליקער, מאַדמואַזעל?

— אַ דאַנק. איך וועל שפּעטער טרינקען.

— אויב אַזוי, זייט אַזוי העפלעך און שפּילט מיר דערווייל אַ שטיקל שובערט. איר האָט ליב שובערט?

דער קאָמענדאַנט האָט געעפנט די פּיאַנאָ, אין רעכטן פליגל פון סאַלאָן, אָנגעצונדן אַ לעמפּל, זיך פאַרנייגט:

— מאַדמואַזעל מאָרגאַן, ביטע צו דער פּיאַנאָ, איך הער אייך.

מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ. זי האָט געפילט, ווי אַ היץ שלאָגט איר אין קאָפּ אַריין. אירע פינגער האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען איבער די קלאַווישן, אָבער באַלד האָט זי זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן שפּילן שובערטס סערענאַדע.

ווי נאָר די ערשטע טענער האָבן זיך צעקלונגען איבערן סאַלאָן, איז דער אַכזר געוואָרן סענטימענטאַל, ווי אַ ייִנגל. ער האָט אָנגע־הויבן שמייכלען מיט אַ קאָמישער מאַסקע, זיך רייבן אין די הענט אַריין, געגומען מיטזינגען. ער האָט זיך דערנענטערט צו מאַדאַם גאָלדבלום, איר אָפּגעפּרעסט אַ קוש אין האַלדז, שרייענדיק:

— פּאַבלהאַפט! ווונדערבאַר! איר שפּילט פּרעכטיק.

ווען מאַדאַם גאָלדבלום האָט פאַרענדיקט די סערענאַדע, זיינען אירע הענט געבליבן ליגן פאַרחלשטע איבער די קלאַווישן. דער קאָ־מענדאַנט איז צוגעשפּרונגען און זי אויפגעשטעלט:

— בראַוואָ, בראַוואָ! קומט אויסטרינקען פאַר אייער טאַלענט!

ער האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך. זיי האָבןביידע אויסגעטרונ־קען. מאַדאַם גאָלדבלומען האָט זיך אַ נעפּל געשטעלט פאַר די אויגן... זי האָט צעטומלט אָנגעהויבן שפּאַנען, אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס... דער קאָמענדאַנט איז איר נאָכגעגאַנגען.

— אַ סיגאַרעט, מאַדמואַזעל?

זי האָט גענומען און פאַרויכערט. דער קאָמענדאַנט האָט פאַרוי־כערט אַ ציגאַר.

— זיצט, מאַדמואַזעל! איצט וועלן מיר טרינקען אַ „קאַפּ־קאָרס". די פראַנצויזן פאַרגעטערן דאָס.

מאַדאַם גאָלדבלום איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַרויסגעקוקט און געזען, ווי אַ רונדיקער לבנה־שפיגל ליגט אין טייך.

— אַ הערלעכע נאַכט היינט — האָט איר מאַדאַם גאָלדבלום פאַרעדט.

— זייער הערלער, מאַדמואַזעל — האָט דער קאָמענדאַנט אויסגעשפּיגן די ציגאַר דורכן פענצטער און צוגעצויגן צו זיך מאַדאַם גאָלדבלום.

זי האָט מיט שווערקייטן אַראָפּגענומען זיינע הענט. קוקנדיק אויפן טייך, האָט עס זי געצויגן צום וואַסער.

— הער קאָמענדאַנט! איר קענט עפּעס אויספירן אויף מיין באַפעל? — האָט זי אים געקוקט אין די אויגן אַריין מיט אַ געקינצלטן שמייכל.

דער קאָמענדאַנט איז געשטאַנען באַצויבערט פון איר שמייכל.

— עפּעס, זאָגט איר? זאָגט בעסער אַלץ, וועל איך אויספירן, לאָרעליי.

— איך וואָלט וועלן מאַכן אַ שפּאַציר אויפן טייך אין אַ לאָדקעלע. דאָס איז פון קינדהייט אָן מיין גרעסטע ליידנשאַפט.

— ביינאַכט?

— נאָר אין אַ לבנה־נאַכט איז אַזאַ שפּאַציר וואונדערבאַר. נאָר אויב איר זיינט אַ פּחדן, לאָז איך אייך פריי.

— איר האָט שוין געזען, מאַדמואַזעל, אַ דייטשן מיליטער־מאַן אַ פּחדן? זאָפאָרט אויף אייער באַפעל! מאַקס! מאַקס! — האָט ער גענומען פּאַטשן אין די הענט אַריין, רופנדיק דעם דענשטשיק.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט שוין דער דענשטשיק געוואַרט ביים ברעג מיט אַ לודקעלע, באַהאַנגען מיט אַ גרויסער לאַמטערנע.

מאַדאַם גאָלדבלום מיטן קאָמענדאַנט האָבן זיך אַריינגעזעצט אינעם לודקעלע. דער קאָמענדאַנט האָט גענומען רודערן.

דאָס לודקעלע איז אָפּגעשוווּמען פון ברעג. די שאַרפן פון לודקעלע האָבן ווי מיט מעסערס אויפגעשניטן דעם טייך, געוואָרפן וואַסער־רינגעלעך אויף רעכטס און לינקס.

דער קאָמענדאַנט, שוין זייענדיק זיכער, אַז די פרוי איז זיינע, האָט פון צופרידנקייט אָנגעהויבן זינגען אַ דייטש ליד, וואָס האָט פאַרהילכט די אַרומיקע שטילקייט. מאַדאַם גאָלדבלום האָט דערפילט אַ קעלט אין די ביינער... פון צייט צו צייט האָט זיך דער קאָמענ־דאַנט צוגעבויגן, אַ כאַפּ געטאָן מיטן פּיסק מאַדאַם גאָלדבלומס אַ פּאַסמע האָר און מיט ליידנשאַפט זי געגומען קייען... מאַדאַם גאָלד־בלום האָט זיך נישט געוועהרט. זי איז געזעסן אַ שטומע, אַ ציטערנ־דיקע מיט הענט און פיס... פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן זיך גע־פּלאָנטערט אין איר מוח... עפּעס אומבאַשטימטעס האָט געשוועבט פאַר אירע אויגן. אַרום איז געווען שטיל. בלויז די ביימער האָבן גערוישט, געשאָרכט סודותדיק. די לבנה, ווי אַ שיין־וואַרפער, האָט באַלויכטן דאָס שיפל, וווּ מאַדאַם גאָלדבלום איז געזעסן אַ פאַר־קלעמטע... פאַר אירע אויגן איז איצטער אויפגעגאַנגען דאָס בילד פון איר היים. זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די סצענע: פראַנ־צויזישע אַגענטן קומען נעמען איר מאַן קיין דראַנסי און ער גייט אַריין אין צווייטן צימער, רוקט אויף אַ שופלאָד, נעמט אַרויס אַ רעוואָלווער און דערשיסט זיך. זי האָט אויפגעציטערט, ווי זי וואָלט נאָר־וואָס דערהערט יענעם שאָס...

מאַדאַם גאָלדבלום האָט איינציקווייז אָנגעהויבן צו דערפילן, אַז דאָס לודקעלע שיפט זי אַרויף אויף דעם זעלבן וועג, וואָס איר מאַן איז אַוועק. זי האָט אָבער נאָך נישט געהאַט קיין שום אַנונג, ווי אַזוי דאָס וועט געשען. זי האָט לאַנג אָן איבערייס געקוקט אויפן טייך. דער אומענדלעכער, שוואַרצער וואַסער־שפּיגל האָט זי איבער־געשראָקן.

פּלוצלונג האָט זיך דאָס לודקעלע אין עפּעס אָנגעשטויסן. מאַדאַם גאָלדבלום האָט זיך אָנגעכאַפּט אין קאָמענדאַנטס האַלדז. ער האָט אויפגעציטערט און פאַר פרייד געגומען קושן אירע הענט.

— אָט אַזוי, מאַרגעריט! דו קומסט צו זיך. נעם מיך אַרום! שטאַרקער, פעסטער! מיך האָט געוווּנדערט דיין גלייכגילטיקייט צו

מיר. כאַ־כאַ־כאַ! גרויסאַרטיק. נעם אַרום, אַרום! — האָט זיך זיין קאָפּ ווילד געוואָרפן אין מאַדאַם גאָלדבלומס הענט.

אירע פינגער האָבן צאַרט גענומען גלעטן זיין האַלדז. איר האַרץ האָט געצאַפּלט אין איר ברוסט... זי האָט גענומען שטאַרק אָטעמען, ווי זי וואָלט געקלעטערט אויף אַ באַרג. אירע אויגן האָבן זיך פאַר־מאַכט. נישט געקענט זען אירע פינגער אויפן האַלדז פון דייטשן קאָמענדאַנט.

מיטאַמאָל איז זי ווילד אויפגעשפּרונגען פון געזעס און אירע שפּיציקע נעגל האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין קאָמענדאַנטס האַלדז. זי האָט מוראדיק געשריגן און אים מיט אַלע כוחות גענומען ווערגן, וואָס אַמאָל שטאַרקער, ווילדער, ביז משוגעת.

דער קאָמענדאַנט האָט אָנגעהויבן כאָרכלען, אַרויסגעלאָזט די רודערס פון די הענט. ער האָט רציחהדיק געריסן מאַדאַם גאָלדבלומס הענט פון זיין האַלדז, אָבער ער האָט שוין נישט באַוויזן.

פון דעם געראַנגל, האָט זיך דאָס לודקעלע אויסגעבויגן ביז צום ראַנד און אַרויסגעוואָרפןביידע קערפּערס.

דאָס וואַסער האָט מיט אַן אָפּהילך אַ פּליעסקע געטאָן, ווי צוויי שווערע שטיינער וואָלטן געשפּאָלטן גלאָז. די צוויי גופים האָבן זיך צעטיילט, בילדנדיק אויפן אויבערפלאַך צוויי גרויסע וואַסער־רייפן, וועלכע זיינען וואָס אַמאָל קלענער און קלענער געוואָרן, באַלד אַזוי קליינטשיק ווי אַן אויג, וואָס איז נאָר־וואָס געווען אָפן און זיך פאַר־מאַכט... און דאָס ליידיקע לודקעלע האָט זיך ווייטער געשיפּט איבערן וואַסער, ווייטער אין דער שטומער נאַכט אַריין. אויף אַ וויאָסלע איז געבליבן הענגען, פאַרטשעפּעט, מאַדאַם גאָלדבלומס צלמל, וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין לבנה־שיין...

# אין אַ לוקסוס-האָטעל

אַ זומער=אָוונט אין שטעטל סענט, אין דרום=מערב פראַנקרייך, 1942. אין אַ לוקסוס=האָטעל ליגן אין די קאָרידאָרן די פאַרבנרייכע דיוואַנען, אויפגעשטאַפּלט. די גרויסע, גאָלד=גערעמטע שפּיגלען הענגען פאַרלאָזטע אָן די שאטנס פון די רייכע פרויען, וואָס האָבן אַמאָל אין דעם באַגילדעטן גלאָז אויסגעשטעלט זייערע רייצענדיקע שמייכלען. אויפן גלאַנציקן פּאַרקעט — אַלטע, מיליטערישע שטרויזעק. אויף זיי ליגן איינגעקורטשעטע אויסגעמאָרעטע יידן פון אַ לאַגער, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן צו אַרבעט. ביי יעדן שטרויזאַק — אַ וואַליזקע, מיט אַביסל אָרעמקייט. איבער די אויפגעפּראַלטע ווענעציאַנישע פענצטער — שטעכל=דראָטן. אַ לוקסוס=האָטעל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תפיסה.

איך שטיי ביים אָפענעם פענצטער און קוק אין דער נאַכט אַריין. פון דער טונקלקייט שיילן זיך אַרויס: סטאַטועז, מאָנומענטן, גרינע, צעפעכערטע ביימער, בלישטשענדיקע לאָמפּן פון פרייע הייזער, שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך. עס איז מיר באַנג. איך קוק אַרויף צו די שטערן, וואָס טריפן אַדורך זייער זילבערנעם אָפשיין דורך די שטעכל=דראָטן איבער מיין תפיסה=פענצטער.

קעגנאיבער מיר — אַ שטיל טייכל, דער שאַראַנט. אַ טיף=גרינע, סאַמעטענע פאָרהאַנג איבער אַ שוואַרצן תהום, פעלדלט זיך אין וואַרעמען אָטעם פון אַ לייכט זומער=ווינטל. אַ קליין שיפל איז אָנגע=

שוומען. אויפן ערשטן ברעטל — אַ יונג מיידל אין אַ ברייטראַנדיקן שטרויענעם הוט. איך זע בלויז איר פּראָפיל. אויף איר מאַרמאָר־רוקן זענען צעשלענגלט בלוי־שוואַרצע לאָקן, וואָס וויקלען זיך אַרום איר ווייסן האַלדז. אויפן צווייטן ברעטל — אַ יונגער, ברוגעטער בחור, אין אַ העל העמדל. ער באַוועגט ריטמיש און לאַנגזאַם מיט די וויאָסלעס און זינגט דערביי אַ ליד. ער בויגט זיך איין צום מיידל און קושט איר נאַקעטע פּלייצע. אַ דינער שמייכל שניצט זיך אַרויס פון אירע ליפּן. איר שמייכל שפּיגלט זיך אָפּ אין וואַסער און קוקט פון דאָרט אַרויף צו מיר. אַ שטיק פון מיין פאַרגאַנגענע גליק איז מיר אַריין אין האַרצן. דער אַליאַרם־גלאָק האָט מיך אַוועקגעריסן פון פענצטער.

צומאָרגנס זענען מיר געשטאַנען אויפן שאָסיי, וואָס פירט צו דעם שטעטל קאָניאַק. צוזאַמען מיט אַ גרופּע ציגיינער, האָבן מיר געגראָבן גריבער צו לייגן טעלעפאָנישע קאַבל. דער טאָג איז געווען אַ הייסער. פייער איז ממש געפאַלן פון הימל. מיר האָבן פון זיך געהאַט אַראָפּגעוואָרפן די העמדער. גאָז־טיכלעך מיט פיר קניפּן זיינען געווען אונדזערע שטרויענע־הויטן. די אָנגעוואַקסענע בערד אונדזערע האָבן צוגעפּאַסט צו די שוואַרצע גריבער. די שווערע קרייץ־העק האָבן קוים גערירט דעם שטיינערנעם באָדן. דער שווייס האָט זיך געשנירלט איבער אונדזערע פאַרשטויבטע פּנימער. די וואַך איז געשטאַנען הינטער אונדז. קיינער האָט נישט געוואַגט אָפּשטעלן די הענט, אָפּאָטעמען, כאַפּן אַ בליק אויפן אַרומיקן פּייזאַזש, אויף די פאַרבייגייער און פאַרבייפאָרער.

אַרום פינף אַזייגער, האָט מען אַהיימגעשיקט די ציגיינער און אונדז איבערגעלאָזט ביז זעקס. איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מיין שכן:

— הייסט עס, אַז דער יידישער זייגער שטייט מיט אַ שעה ני־דעריקער.

מיין שכן, אַ פּרימיטיווער ייד, פון פאַך אַ סטאָליאַר, האָט מיך אָנגעקוקט מיט תמעוואַטע אויגן, אויסגעשפּיגן דעם שטויב און אַ מורמל געטאָן:

— זע בעסער ווי דו האַלטסט אין דער אַרבעט. דו שטייסט ערשט אַ פערציק צענטימעטער אין דרערד...

צוריקומענדיק אין לאַגער, גאָכן איבערציילן, האָבן מיר באַמערקט אַ מעלדונג אויף דער וואַנט, וואָס האָט געדראָט אין דייטש און פראַנצויזיש, מיט צען דערשאָסענע פאַר יעדן אַנטלאָפענעם.

קיינער האָט מער נישט געשפּירט די מידקייט פון דער אַרבעט. עס איז געוואָרן אַ געלויף אַרויף און אַראָפּ פון די שטיגן. די ידיעה האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל. מען האָט זיך אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט אומצוטרוי. די רייען בייַ דער קיך איז געווען אַ קלענערע ווי אַלעמאָל. ביינאַכט האָט קיינער קיין אויג נישט צוגעמאַכט. און אויפכאַפּנדיק זיך פיר אַזייגער פאַרטאָג, געוועקט דורך אַן אַליאַרם-גלאָק, האָט יעדער געזוכט זיין שכן אויפן שטרוי-זאַק.

אין אַ וואָך אַרום, בשעת איך בין שוין געשטאַנען אין אַ גרוב אַזוי טיף, אַז מען האָט מיר קוים דעם קאָפּ אַרויסגעזען, און האָב געלעכצט נאָך אַ טרונק וואַסער, האָב איך פּלוצלונג באַמערקט אַ פרויען-געשטאַלט אויפן שאָסיי. מיין האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט אין מיין ברוסט.

— איז עס אַ חלום, איז עס ווירקלעך מיין פרוי, וועלכע דערנענטערט זיך אַהער ?...

איך האָב דערקענט איר געבלימלט זומער-קלייד, וועמענס שטאָף איך האָב איר אויסגעקליבן אין אַ גליקלעכן מאָמענט. יעדער פלאַמער פון איר קלייד האָט אַ פייערדיקע כוואַליע אויף מיר אַרויסגעיאָגט...

— יאָ, מיין פרוי קומט אָן.

זי דערנענטערט זיך, האַלטנדיק אונטערן אָרעם אַ קליין פּעקעלע. זי ווערט פאַרהאַלטן דורך דער פראַנצויזישער זשאַנדאַרמעריע. איך הער איר קול. עס דערטראָגט זיך צו מיר איר בעטנדיקע, וויינענדיקע שטימע. די פראַנצויזישע וואַך-לייט שטויסן זי ברוטאַל צוריק. איר שטרויען היטעלע פאַלט איר אַראָפּ פון קאָפּ. איך האָב אַנידערגעוואָרפן די קרייץ-האַק און ווי אַ בליץ אַדורכגעשניטן דעם שאָסיי.

איך האָלט שוין מיין פרוי אין מיינע אָרעמס און שריי: רעגינאַ! רעגינאַ! רע־גי־נאַ! אבער אנשטאט אירע קושן, האָב איך גאָר דער־פילט בלוט אויף מיינע ליפּן. קאָלבעס האָבן מיך צוריקגעשטויסן אין מיין גרוב אַריין. איך האָב זיך די זשאַנדאַרמען נאָכגעשלעפּט מיט אַן אויסגעדרייטן קאָפּ. איך האָב געזען דעם אבלדיקן אַוועק־גאַנג פון מיין פרוי. איך האָב אפילו נישט געשפּירט דעם ווייטיק פון די קאָלבעס. איך האָב נאָר געהערט מיין פרוים פאַרצווייפלט גע־שריי:

— פאַרקויפטע!

אין יענעם אָוונט, נאָך דער אַרבעט, בין איך שוין הונגעריק נישט געווען. איינשלאָפן האָב איך נישט געקענט. אַלע אברים מיינע האָבן מיך געברענט. איך האָב זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען אויף מיין געלעגער. אַ געדאַנק האָט, ווי אַ בליץ, באַלויכטן מיין פינצטערן מוח: אַנטלויפן. דער געדאַנק האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך געטוליעט צו מיין ברוסט אַ נאַקעטער, ווי אַ ניי־געבוירן נפש, ווענען איך דאַרף באַקליידן, אויסלייזן.

מיט אַ חודש שפּעטער, בעת אַ לאַנגע פאסמע שאָסיי איז שוין געווען צעגראָבן, זיינען מיר אויסגעקומען מיטן רוקן צו אַ וועלדל. יעדעס מאָל, בשעת מיר פלעגט אויסקומען אַריינצוגיין אין וועלדל, אין שאטן פון די שטילע, זיך וויגנדיקע סאָסנעס, צעשפּילטע פון פויגלשע טרעלעכלעך, האָט עס מיך געצויגן אַלץ טיפער, אַלץ ווײַ־טער. יעדעס מאָל האָט זיך מיר געוואָלט אָפּרייסן פון דער קייט, וואָס פענטעט מיין פרייהייט. די אומזיכערקייט, וואָס האָט געדרוקט אויף מיין געמיט, האָט אַלץ נאָך נישט געלאָזט פאַרוואַנדלען מיין פאַרלאַנג אין אַ טאַט.

און איינמאָל פאַרנאַכט איז עס געשען. איך בין אַריין אין וועלדל און מיטאַמאָל דערפילט, ווי אין דעם ליכט־ און שאטן־שפּיל פון די ביימער, קריך איך אויף אַלע פיר. די שטילקייט האָט מיך גע־שראָקן און געיאָגט נישט ווויסנדיק וווהין. פּלוצלונג איז אַ שאָרך

פון אַ בלאַט אויסגעוואַקסן אין מיינע אויערן, ווי מענטשלעכע טריט.
כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט און גענומען לויפן.

אין געלויף האָב איך דערזען, ווי די זשאַנדאַרמען שטויסן אַוועק
מיין פרוי. איך האָב אין דער שטילקייט פון וואַלד דערהערט איר קול.
איך האָב געפילט, ווי אַ פרישער כוח גיסט זיך אַריין אין מיר און
טרייבט מיך און טרייבט מיך.

דער מערב-ראַנד, ווי אַן אומענדלעך שטיק קראָקאָדילן-פעל, רויט
און בלוי, האָט אַריינגעבלענדט אין מיינע אויגן. איך האָב געקוקט
צום הימל מיט געבעט, ער זאָל וואָס גיכער פאַרלעשן זיינע פאַרבנ-
רייכע ליכטער, וועלכע דינען נישט אַ מענטשן, וואָס דאַרף האָבן
פינצטערניש...

*

אַ שפּעטע נאַכט-שעה. אַן אומבאַקאַנט שטעטל, שטיל און פינצ-
טער, ליגט פאַר מיינע אומרואיקע אויגן. איך שפּאַן מיט אַן אומ-
זיכערן טראָט. יעדעס מענטשלעכע געשטאַלט, וואָס קומט מיר
אַקעגן, יעדער אָנפאַרנדיקער אויטאָמאָביל, וואָס באַלייכט מיין פּנים,
מאַכט אויפציטערן מיין האַרץ. איך האָב זיך געשאַרט ביי די ווענט.
כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ האָטעל, וואָס איז אין אויסגעלאָשע-
נעם געסל געווען די איינציקע באַלויכטענע געביידע; איך בין אַריין
אין ביוראָ. אַ דרימלדיקער דינער אין אַ פאָטעל, האָט זיך פון מיין
אַריינקומען אויפגעוועקט און גערופן די באַלעבאָסטע, אַן עלטערע
פרוי, וואָס האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט. זי האָט מיר צוגע-
רוקט אַ טאַבורעטקע און שטיל געזאָגט:

— זייט רואיק, איך האָב פאַר אייך אַ צימער. דאָ דראָט אייך
נישט קיין שום געפאַר. צו די גאַסן-פרויען קומען דייטשע סאָלדאַטן.
קיין אָבלאַווע איז נאָך ביי מיר נישט געווען.

אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרצן. איך בין געווען אַזוי צע-
טומלט, אַז כ''האָב בעתן באַצאָלן פאַרן צימער, איבערגעלאָזט מיין
פּאָרטפעל אויפן טיש. די האָטעל-אייגנטימערין האָט מיך צוריקגע-

רופן, מיר דערלאַנגט דעם פּאָרטפעל און מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, וואָס האָט געשמעקט מיט מנוחה.

איך בין געבליבן שטיין איבעראַשט.

— איר האָט געווים הונגער ?

— איך בין הונגעריק. אָבער כ׳וועל איצט גאָרנישט קענען עסן.

די עלטערע פרוי האָט זיך צוגעקוקט, ווי מיינע פאַרבלאָטיקטע הענט וואַשן זיך ביים קראַן. און איך אַליין האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז כ׳וואַש פון זיך אַראָפּ דאָס לאַגער־לעבן.

ווי נאָר די האָטעל־איינגעטימערין איז אַוועק, האָב איך פאַרשלאָסן די טיר, אַראָפּגעצויגן מיינע קליידער און זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט, וואָס האָט מיך אַ ווײַלע געוויגט. אַ וואַרעמע כוואַליע האָט געגלעט מיין ברוסט. דער געפיל, אַז כ׳ליג אין אַ בעט פון אַ פרייען מענטשן, האָט מיך אויפגעמונטערט. דאָס ווייכע קישן הינטער מיין קאָפּ האָט מיך דערמאָנט אין מיין היים. אַ בענקשאַפט צו ווייב און קינד איז אין מיר אויפגעגאַנגען. איך בין צוריק אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, געמאַכט ליכטיק און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ בריוו :

„מיין טייערע פרוי. זאָלסט וויסן איך בין פריי...“

פון קאָרידאָר האָט זיך פּלוצלונג דערטראָגן אַ פרעך פרויען־געלעכטער. דייטשע קולות האָבן זיך געריסן אין שכורע העלדזער. שווערע מיליטערישע שטיוול האָבן אַריינגעפּויקט אין מיין שאַרבן...

איך האָב, ווי אַ יאַגד־הונט, אָנגעשטעלט מיינע אויערן, אַנידערגעוואָרפן די פעדער, געכאַפּט אַ בליק אויפן אָנגעשריבענעם וואָרט „פריי“ און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, ווי דאָס וואָרט לאַכט פון מיר. איך האָב זיך צוריק אַריינגעוואָרפן אין בעט.

— וואָס האָב איך דאָ אויפגעטאָן ?...

פאַר מיינע אויגן האָב איך דערזען מיידלעך אויף קניען פון דייטשע סאָלדאַטן און עקלדיקע יעקישע קעפּ גראָבן זיך אין זייער נאַקעטקייט... די דייטשע קולות האָבן מיך ווידער אַרויסגעיאָגט פונעם בעט.

איך האָב גענומען שפּאַנען איבער מיין צימער אַהין־און־צוריק,

אַהין־און־צוריק. ווען מיינע אייגענע טריט האָבן מיך גענומען איבער־שרעקן, האָב איך זיך צוריקגעזעצט אויף מיין בעט. באַלד איז מיר נמאס געוואָרן דאָס זיצן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און צוגעלאָפן צום פענצטער. איך האָב אָפּגערוקט די פאָרהאַנג. אַ געפיל פון שטאָלץ, אַ געפיל פון אַ פרייען מענטשן, וואָס באַזיצט אַן אייגענעם צימער, האָט מיך אַרומגענומען. כ'האָב געוואָרפן אַ בליק אויף דער נאַכט . פּלוצלונג האָב איך דערהערט פאַרבייפאָרן אַן אויטאָ. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער גערויש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי מיין האָטעל. איך בין אַוועקגעשפּרונגען פון פענצטער און זיך אַוועק־געשטעלט ביי דער וואַנט...

שפּעטער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און וואַרפנדיק מיין קאָפּ אויפן אָנגעהויבענעם בריוו צו מיין פרוי, האָב איך איינ־געדרעמלט.

די ערשטע ליכט־פלעקן פון ניי־געבוירענעם טאָג, וואָס זיינען געפאַלן אויף מיין פנים, האָבן אויפגעריסן מיינע אויגן. צען גע־שטאַלטן זענען צוזאַמען מיטן טאָג אַריין צו מיר אין צימער. צען יידן, פאַרמשפּטע צום שיסן, האָבן אויף מיר געקוקט. כ'האָב קיינעם פון זיי נישט דערקענט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פונעם טיש און צוריקגעפאַלן. כ'האָב זיך נאָכאַמאָל אויפגעכאַפּט און זיך אַוועקגע־שטעלט ביים קראַן אַרומוואַשן, אויסגעטרונקען אַ גלאָז קאַלט וואַ־סער, געשאַנקען מיין צימער דעם לעצטן בליק און זיך שטיל אַרויס־געשליכט.

דאָס שטעטל איז געווען באַגאָסן מיט אַן ערב־טאָגיק, בלאַסלעך פרימאָרגן־ליכט. אויפן שאָסיי האָב איך גענומען האַסטיקער שפּאַ־נען, מיט אַ ציטער אין האַרצן, כ'זאָל נאָר נישט פאַרשפּעטיקן. אַלץ אַרום מיר איז געווען אַזוי וווּנדערלעך. אַן אויפגייענדיקע נאַטור־שיינקייט אין פאַרבן געהילט האָט אַרומגענומען די וועלט, נאָר אין מיין געמיט איז געווען שטאָק־פינצטער... אַ ווילדער כוח האָט מיך געטראָגן צום שטעטל סענט.

נאָכמיטאָג בין איך אָנגעקומען קיין סענט. וואָס עס קומט פאָר

אין גאָס, האָב איך נישט באַמערקט. איך האָב זיך געיאָגט צו מיין תפיסה. שטעכל־דראָטן איבער פענצטער האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין מיינע אויגן. איך האָב אינערלעך אַ ציטער געטאָן. מיינע טריט האָבן זיך געהאַמעוועט. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט, אַז איך גיי צוריק. איך האָב יעדן פאַרבייגייער אַריינגעקוקט אין די אויגן... אַן אויסגעשעפּטער בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ קאַפּע.

די העפלעכע באַדינונג האָט מיך געמאַכט נאָך אומרואיקער.

„ס'איז נאָך צייט. איך קען זיך נאָך ראַטעווען. קיינעם פון די מענטשן, וואָס זיצן דאָ אַרום, פאַלט דאָך נישט איין, אַז כ'בין אַ געפאַנגענער. — האָב איך געטראַכט. — פאַרוואָס נישט לויפן אַזוי לאַנג ביז... ביז כ'וועל אָנטרעפן אויף אַנטלאָפענע, וואָס קומען מער נישט צוריק... און אויב יאָ, איז מיט געווער אין די הענט...“

און באַלד אַ צווייטער געדאַנק:

„ווער ווייס, צי כ'האָב נישט פאַרשפּעטיקט די צען יידישע קעפּ ?... ווער ווייסט ?...“

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שוידער, באַצאָלט פאַרן גלאָז און מיט האַסטיקע טריט גענומען שפּאַנען צו מיין תפיסה.

אַ נאַצישער אָפיציר האָט אין האָטעל־ביוראָ געוואַלדעוועט און געהאַלטן מיין נאָמען אויף זיינע שמוציקע ליפּן.

— אָט איז ער ! — זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען.

די אויגן פון נאַצישן אָפיציר האָבן אויפגעבליצט, ווי ביי אַ חיה, וואָס האָט דערשמעקט בלוט...

— צו דער אויספאָרשונג ! באַשטעלן דעם פראַנצויזישן דאָק־טער און דעם יידישן סאַניטאַר ! — האָט ער באַפוילן.

שפּעטער בין איך געלעגן אויף מיין שטרוי־זאַק מיט אַ באַנדאַ־זשירטן קאָפּ.

אין אָוונט האָב איך דערהערט אַ געפּויק און אַ געלויף איבער די שטיגן. די יידן זיינען אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט. ווי דורך אַ נעפּל האָב איך דערזען זייערע איבעראַשטע אויגן. איך האָב שוואַכלעך אויפגעכאַפּט רייד.

מיין באַוווסטזיין איז צו מיר צוריקגעקומען, בעת מען האָט מיר אין אַ ווײַלע אַרום דערלאַנגט אַ בריוו און איך האָב דערקענט מיין פרויס האַנטשריפט:

„מיין טייערער.

„עס קען קומען אַ טאָג, ווען איך וועל דיר נישט קענען שרייבן. דער טאָג איז שוין נאָענט. איך שרייב דיר דעם בריוו אין אַ קאַפּע פון אַ קליין דערפל. די קינדער האָב איך איבערגעלאָזט ביי גוטע מענטשן. איך גלויב, אַז אין איצטיקן מאָמענט, קען די גוטע פרוי צו זיי זיין אַ בעסערע מאַמע ווי איך. עס נאָגט מיך אַ גיפטיקער צווייפל, צי כ'האָב זיי נישט געקושט צום לעצטן מאָל... מיין האַנט-שריפט, ווי דו זעסט, איז אַביסל געענדערט. איך האָב זיך צופעליק צעקאַליעטשעט די רעכטע האַנט, פאַרבייגייענדיק אַ שטעכל-דראָט... זיי מיר געזונט און שטאַרק, מיין ליבער און טייערער. לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען...“

כ'האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און באַמערקט, צופיסנס ביי מיין שטרוי-זאַק, צוויי פון מיינע נאָענטע חברים. כ'האָב זיי דערלאַנגט מיין פרויס בריוו.

— דיין פרוי איז אַנטלאָפן פון אַ לאַגער. — האָבןביידע כמעט ווי מיט איין שטימע אַרויסגעפּליסטערט.

— כ'האָב פאַרשטאַנען. — האָב איך מיט ביידע הענט אַרומ-גענומען מיין באַנדאַזשירטן קאָפּ.

— מיר אַרבעטן דאָ פאַרן טייוול. — האָט איינער פון מיינע חברים מיר אַריינגעשאָרכט אין אויער.

— און דערצו וועט אונדז דער טייוול קיין לעבעדיקע נישט אַרויסלאָזן פון זיינע לאַפּעס. איך פיל, אַז בלייבנדיק דאָ, דערוואַרט אונדז נאָך עפּעס גרויזאַמערס... — האָב איך דערהערט מיין צווייטן חברס שטימע.

— לאָמיר אַוועק פון דאַנען! — האָט דער ערשטער זיך אַ הויב-געטאָן און צוריק אַוועקגעזעצט.

— אַלע דריי... — האָב איך פאַר ווייטיק פאַרהאַקט די ציין. — מיט אונדזער אַנטלויפן וועלן מיר מער אויפטאָן פאַר די געבליבענע, ווי מיטן בלייבן דאָ...

זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט און מיט זייערע קאַלטע הענט פעסט געדריקט מיינע פיבערדיקע פינגער...

איך בין געבליבן זיצן מיט די אויגן געווענדעט צום פאַרקראַט־עטן פענצטער...

# אַ נײַער טאָג גײט אויף

### 1.

דער דעצעמבער־פרימאָרגן האָט זיך אַרויסגעשײלט פון דער נאַכט, אײַנגעהילט אין אַ געדיכטן נעפּל.

דער פרויען־לאַגער אינעם אויסגעהאַקטן װאַלד הינטער אַ דײַטש שטעטל אין נידערשלעזיע, איז כמעט געװען אויסגעלײדיקט. עס זײַנען דאָרט נאָך פאַרבליבן די שװער־קראַנקע, װאָס האָבן יעדע רגע דערװאַרט די לעצטע אײַנשפּריצונג, און די טויטע, װאָס האָבן גע־װאַרט אויף זײער קבורה אונטער אַ בערגל מיסט אין װאַלד.

די אַנדערע פרויען, װעלכע זײַנען נאָך געשטאַנען אויף די פיס, בעת זײערע לעבנס זײַנען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אָפּגעשטאָרבן, זײַנען באַלד װי די ערשטע טאָג־פלעקן האָבן זיך באַװיזן, אַרויסגעפירט געװאָרן צו דער אַרבעט. זײערע סילועטן האָבן, װי אַ מחנה שאָטנס, זיך אויסגעטײלט אינעם געדיכטן נעפּל, װאָס האָט זיך שלאַנגיש גע־צויגן איבערן שאָסײ, װי אַ רויכיקער װאָלקן נאָך אַ שרפה. װאָס טונ־קעלער דער אַרום איז געװען, אַלץ מער זײַנען די פרויען באַװאַכט געװאָרן. װאָס שװערער זײער גאַנג איז געװאָרן, אַלץ מער האָט מען זײ אונטערגעיאָגט אין דער אַמוניציע־פאַבריק אַרײַן, װעמענס שאַר־פער, שעדלעכער, פּולװער־ריח האָט ביסלעכװײַז אויפגעפרעסן זײערע לונגען...

די קולות, וואָס האָבן איצט אָפּגעהילכט אין דעם שטיל=געוואָרע=
נעם טויטן=לאַגער, האָבן געהערט צו געזונטע, זאַטע ברואים. ביים
אויפגעפּראַלטן איינגאַנגס=טויער איז געשטאַנען אַ באַנדע נאַציישע
יונגען, אין טונקל=גרינע מונדירן, און מיט לויערנדיקע בליקן פון
יאַגד=הינט האָבן זיי אָפּגעוואַרט אַ פרישן פרויען=טראַנספּאָרט.

דער אַפּעל=פּלאַץ איז געווען העל באַלויכטן. די גרויסע אָנגעצונ=
דענע לאָמפּן האָבן דעם נעפּל פאַרוואַנדלט ווי אין בערג=אַש, אויפ=
געיאָגטע פון ווינט, באַשפּריצטע מיט לעבעדיקע פונקן. פון די אַנט=
שווינגענע באַראַקן מיט די אָפענע פענצטער, האָבן די דריי=שטאָקיקע
בעטן אַרויסגעקוקט ווי פאַמיליע=קברים. די תליה, האַרט ביים וואַש=
באַראַק, האָט אפילו אינעם געדיכטן נעפּל נישט פאַרווישט אירע
שאַרפע, קאַנטיקע קאָנטורן פון טויט. אַ שוואַרצע גראָבע שטריק
האָט זיך ביים קאָפּ פון דער תליה געקנוילט, רונדיק און גרויס ווי
אַ מענטשלעכער האַלדז...

אינמיטן אַפּעל=פּלאַץ האָבן זיך דריי פיגורן אַרויסגעשניטן ווי
פון אַ וואָלקן. דר. בראַנדשטעטער, אַ הויכער ס. ס.=מאַן, אין גאָלד=
געראַמטע ברילן אויף אַ גראָבער, פאַרונדיקטער סאָווע=נאָז, אין אַ
מיליטערישן פּעלץ ביז צו די שטיוול, מיט פּאַגאָנעס פון אַן אויבער=
לייטענאַנט, האָט געשפּאַנט מיט אַ חוצפּהדיקן טראָט, האַלטנדיק די
הענט אויף הינטן, פּאָכענדיק אומגעדולדיק מיט זיינע ברוינע, לע=
דערנע הענטשקעס און מיט אַ ווייסער ליסטע. דעם אויבער=לייטע=
נאַנט איז מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ נאָכגעקראָכן די פרויען=עלטסטע,
אַ פעסטע שוואַרצע מויד, מיט אַ פּאָר מאַסיווע פּלייצעס. איר פול=
ברוסטיקייט האָט זיך בולט געצייכנט אויף איר אויסגעפּאַסטן גרי=
נעם סוועטער, מיטן הויכן קעלנערל ווי ביי אַ ספּאָרט=יונג. און אירע
שוואַרצע שיך מיט הויכע כאָלעוועס, פאַרשנורעוועט ביז אַרויף מיט
אַ דין לעדערן רימענדל, האָט זי גיכער דערמאָנט אין אַן אַריערין.
נאָר דער לאַגער=נומער אויף איר סוועטער האָט אויסגעגעבן איר
יידישקייט. אין דער כאָלעווע פון איר לינקן שיך, האָט ביי איר גע=
שטעקט אַ דין=געפלאָכטן נאַגייקעלע, וואָס האָט צופעליק אונטער=

געהויבן דעם זוים פון איר שוואַרצער, שטאָפּענער ספּודניצע. די דריטע פיגור איז געווען דער יידישער אויבער־אַרצט, קייזערמאַן. ער איז געשטאַנען אין דער ווייסער שירץ אַ פאַרטראַכטער. ער האָט זיך ווי פאַרגאַפּיעט אויפן טראָג־בעטל, אויף וועלכן עס האָט זיך געקנוילט אַ שוואַרצע קאָלדערע, אַ קניפּל ערזאַץ־וואַטע און אַ ראָל־קעלע פּאַפּירענע באַנדאַזשן.

די שטיוול פון דר. בראַנדשטעטער האָבן געסקריפּעט, טרעטנדיק אויפן פאַרהאַרטעוועטן שניי־באָדן. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט און פאַרקרומענדיק די מאָרדע זיינע, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם זייגער.

— צום טייוול! דער צוג מוז זיך האָבן פאַרשפּעטיקט.

— מעגלעך, הער אויבער־לייטענאַנט! — איז די פרויען־עלטסטע אים אונטערגעקראָכן מיט אַ חניפה־שמייכעלע.

נאָך אַ רגע האָבן אַלע דריי פיגורן אויפגעהויבן די קעפּ און זיך געגומען איינהאָרכן. פונדערווייטנס האָבן אָנקומענדיקע טריט גע־סקריפּעט אויפן שניי. דער גערויש האָט, דערנענטערנדיק זיך, גע־מאַכט דעם איינדרוק, ווי טריט פון אַ געטריבענער סטאַדע. עס האָבן זיך דערהערט דערשטיקטע פרויען־קולות, וואָס האָבן מיט זייער שלוכצן דערמאָנט אַ לוויה. האַרצרייסנדיקע קינדערישע געשרייען און געוויינען האָבן גלייך נאָכדעם אָנגעפילט די לופט מיט אָפּקלאַנ־גען פון קינדערישע פויסטלעך אין די פאַרהאַמערטע טירן פון די פאַרבלאָמבירטע וואַגאָנען. הינט־בילערייען האָבן זיך געהערט פון גאַנץ־גאָענט און זייערע ווידער־קולות האָבן אָפּגעקלינגען גאַנץ־ווייט. די רינגלעך פון קאָלבעס האָבן געקלונגען ווי קייטן אויף גע־פּענטעטע פיס. דייטשע זידל־ווערטער האָבן אַריינגעהילכט אינעם אויסגעהוילטן וואַלד. די טריט האָבן זיך וואָס אַמאָל מער דערנענ־טערט צום לאַגער. קאָנטורן פון פרויען האָבן זיך איינציקווייז גענו־מען אַרויסשיילן פונעם נעפּל. דורך די שטעכל־דראָטן האָט זיך דער פאַרביקער געפּלאַטער פון פרויען־שאַלן אַדורכגעריסן. וואָלקנדלעך פּאַרע האָבן געשלאָגן פון אָפענע מיילער. די וואַכמייסטערס, אין

טונקל־גרינע מונדירן, האָבן זיך רעשיק אַריינגעלאָזט אין לאַגער. די פרויען־עלטסטע איז מיט גרויסע שפּרייז, מעשה ווילער־יונג, אַנט־קעגנגעלאָפן דעם טראַנספּאָרט.

דר. בראַנדשטעטער האָט זיך מיט אַ שטיקל זאַמש אייליק אויס־געווישט די ברילן־גלעזער. ער האָט זיך נערוועז אָנגעטאָן די הענטש־קעס און אַריינשטעכנדיק אַ פינגער אין דער לופט אַריין, האָט ער אויסגעשריגן מיט זיין ריטשענדיקן קול :

— אויפגיין צו פינף ! אויפגיין צו פינף !

אַ מחנה פרויען און יונגע מיידלעך זיינען ווי מידע שאָף אַריינ־געטריבן געוואָרן אינעם אָפענעם טויער. אַ געגיי פון שיך האָט זיך אַריינגעהאַמערט אין דער שטילקייט. ביים איינגאַנג האָבן זיך די פרויען־פּיס געפּלאָנטערט, ווי זיי וואָלטן געטרעטן אויף אַ ברענענ־דיקן באָדן. די וואַליזעס און פּעקלעך זיינען מיט רציחה אַרויסגעריסן געוואָרן פון די פרויען־הענט און מיט אַ שטאַרקן אָפּהילך געשליי־דערט געוואָרן אויף אַ קופּע. די רוצחים האָבן געוואָרפן די וואַליזעס מיט אַזאַ ברוטאַלקייט, אַז טיילעכע האָבן אַזש אויפגעפּלאַצט. דאָ האָט אַ פאַרביקע כוואַליע פון פרויען־קליידער געגומען אַראָפּשטראָ־מען פון בארג וואַליזעס, ווי פון אַ קאַרבירטן פעלדז; דאָרט איז פון אַ געפּלאַצט רענצל אַרויסגעשפּרונגען אַ גרויסע ליאַלקע, אין אַ רויט קליידל, און געבליבן ליגן מיט די הענטלעך אַרויפגעדרייט צום הימל. די איבערגעשראָקענע פרויען האָבן זיך אַרומגעקוקט... אָבער די אימה, וואָס האָט געדריקט אויף זיי איז גראָד געקומען פון עפּעס אַ נישט־דערזעענער זאַך, וועלכע האָט זיך פאַרבאַהאַלטן הינטער די אַש־גרויע באַראַקן־ווענט...

דער אַנטשוויגענער אַפּעל־פּלאַץ איז ווידער געוואָרן אָנגעפּולט מיט רעש און טומל. אַ געליאַרעם פון דייטשע קולות. אַ געברומעריי פון וועלף־הינט, אַ געקלימפּער פון געווער, אַ געדרעפּטשעריי פון באַנאָגלטע שטיוול. אַ געשווישטשעריי פון היימישע פרויען־שיכלעך. די באַסאָווע שטימע פון טראַנספּאָרט־פירער, וואָס גיט אָפּ דעם ראַפּאָרט, הילכט אַריין אין די אויערן, ווי ער וואָלט גערעדט מיט

צוויי קולות. די געפּאַנגענע פּרויען, מיט אויגן פול אימה, ווערן מיט א פאַרביסענעם האַס אַריינגעשטויסן אין דער ריי און אויסגעשטעלט צו פינף.

דר. בראַנדשטעטער האָט אָנגעצונדן אַ ציגאַר און, אַרויסלאָזנ־דיק מיט גאווה אַ וואָלקנדל רויך, האָט ער מיט פאַרזשמורעטע אויגן זיך איינגעקוקט אינעם פרויען־טראַנספּאָרט. אַ סאַדיסטישע הנאה האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן, קאַלטע ווי זיינע בריל־גלעזער. בעת עס האָט זיך פונדערווייט דערטראָגן אַ הילכיק געלעכטער, האָט ער מיט אַ געקינצלטער שטרענגקייט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַהין געקוקט. איינער פון די וואַכמייסטערס האָט זיך געהאַט צוגע־לייגט אַ ביוסטן־האַלטער צום שינעל און דערמיט אַרויסגערופן אַ קראַכענדיק געלעכטער ביי דער גאַנצער באַנדע ברוינע שדים. ביים דר. בראַנדשטעטער האָבן בלויז די אויגן געלאַכט. ער האָט באַ־טראַכט די פרויען, געוואָלט אויפכאַפּן זייערע בליקן, אָנגעגאָסן מיט בושה. אַ צינישער שמייכל האָט זיך שאַרף אַרויסגעשניטן פון זיינע ליפּן, ווי זיין בלוטדורשטיקייט וואָלט אַלץ־נאָך געבליבן נישט באַ־פרידיקט.

אין דער זעלבער רגע בעת זיינע ציין האָבן רציחהדיק געשטשירעט, קוקנדיק אויף די יידישע פרויען, האָבן זיינע הענט צאַרט געגלעט־טשעט די פעל פון אַ הונט, וואָס האָט זיך געהאַט אויסגעלייגט ביי זיינע פיס מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג, באַזוימט מיט שוים.

— מילער ! — האָט ער אַ רוף געטאָן אַ וואַכמייסטער. — פירט אַריין די הינט אין דער אַרישער קיך. זאָלן זיי זיך דערוואַרעמען. פּאַסט אויף, זיי זאָלן גוט געפּלעגט ווערן !

דערנאָך, ווען די הינט זיינען אַוועק, האָט ער דערלאַנגט אַ ליסטע דער פרויען־עלטסטער.

— אויסרופן די נעמען ! — האָט דער אויבער־לייטענאַנט אַ הויב געטאָן מיט דער גאָמבע.

— שרה אומשולד !

— כ'בין נאָך דאָ...

די פרויען־עלטסטע האָט כסדר אויסגערופן די נעמען. און יעדעס־מאָל בשעת אַ געפאַנגענע האָט אָפּגעענטפערט, האָט זיך געדאַכט, ווי אַ שווערער שטיוול וואָלט אַרויפגעטרעטן אויף אַן עוף, וואָס האָט אַ פלאַטער געטאָן מיט אַן אויסגעשריי...

— עס שטימט, הער אויבער־לייטענאַנט! — האָט די פרויען־עלטסטע געמאָלדן, נאָכן אויסרופן דעם לעצטן נאָמען אין דער ליסטע.

— דאָס גאַנצע שטיל־געשטאַנדען! — האָט דעם אויבער־לייטע־נאַנטס פאַרביסענע שטימע אַ הילך געטאָן.

עס איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט פאַרביישוועבן אַ קראָ, וועלכע האָט מיט אירע שוואַרצע פליגל געפּאַטשט שטיקער גרין־בלויען נעפּל.

— ווער פון אייך, פאַרשאָלטענע פרויען עס האָט נאָך נישט אָוועקגעגעבן די קידושין־רינגלעך, איז זאָפאָרט זיי אָפּגעבן! — האָט דער אויבער־לייטענאַנט אויסגערופן, דראָענדיק מיט אַ פינגער. — מיר נעמען אויך אָן אַנדערע צירונג, ווער עס האָט פון אייך גאָלדענע ציין, זאָל זיי פאַרשרייבן ביים אויבער־אַרצט. ביי מיר וועט איר קיין גאָלדענע ציין נישט פאַרהאַנדלען די אַרישע פרויען אין דער פאַב־ריק. פּראָסטע ציין קענט איר זיך אַרויסרייסן. כאַ־כאַ־כאַ! אָבער די גאָלדענע געהערן צו אונדז. זייט וויסן, אַז איר זענט דאָ אַהערגעקו־מען אַרבעטן אַזוי לאַנג ווי איר וועט האָבן כוח. אָבער קיין געשעפטן מאַכט מען נישט ביי מיר. פאַרשטאַנען?

אַ שטילער שאָרך איז אַדורך צווישן דער פרויען־ריי.

— שטיין בלייבן!

מיט לאַנגזאַמע, אויסגעמאָסטענע טריט האָט דער אויבער־לייטענאַנט גענומען פאַרביישפּאַנען די אויסגעשטעלטע ריי. ער האָט מיט אַ שאַרפן בליק אַריינגעדרונגען אין יעדן פרויען־פּנים. דאָ און דאָרט האָט ער ביי אַ פרוי פון דער ערשטער ריי עפּעס געפרעגט און איז אַוועק מיט אַ געברום. די סוויטע, וואָס איז אים נאָכגעגאַנ־גען, האָט מיט הכנעה געלויערט אויף יעדער באַוועגונג זיינער.

פּלוצלונג האָט זיך דער אויבער־לייטענאַנט אָפּגעשטעלט ביי א יונג מיידל, אין וועמענס אַקסלען עס האָט זיך אָנגעהאָנגען א צוזאַ־מענגעבראָכענער קערפּער פון אַן עלטערער פרוי. די קראַמפּהאַפטע פינגער פון דער אַלטיטשקער האָבן זיך מיט די נעגל ממש אַריינגע־שטאָכן אין דעם מיידלס אַקסלען.

באַמערקנדיק די צוזאַמענגעבראָכנקייט פון דער אַלטער פרוי איז דער אויבער־לייטענאַנט געוואָרן שרעקלעך אויפגעבראַכט. דאָס בלוט האָט אים געגומען זידן ווי תמיד, ווען ער טרעפט זיך אָן אויף א העפטלינג, וואָס טויג נישט מער צו דער אַרבעט. נאָר דאָס מיידל, וואָס האָט אים א פינקל געטאָן אין אויג, האָט אפילו אָן באַ־וועגונג אַביסל געפּענטעט זיין רציחה.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער אַלטיטש־קער.

— מיין מוטער. זי איז קראַנק געוואָרן אין וואַגאָן. — האָבן דער מיידלס מילדע אויגן אים אָנגעקוקט מיט רחמים.

— המ... קראַנק געוואָרן... — האָט א מעפיסטאָפעלישער שמייכל זיך אויסגעלייגט אויף זיינע ליפּן. — מיר וועלן זי געזונט מאַכן...

און בשעת ער האָט געשטעלט א טראָט אין זייער ריכטונג, האָט זיך דער אַלטינקעס קערפּער האַסטיק אַראָפּגעגליטשט פון דער טאָכ־טערס אַקסלען און מיט א לאַנג־צעצויגענעם זיפץ איז זי אַראָפּגע־זונקען אויפן באָדן.

— מאַמעשי! — האָט דאָס מיידל אויסגעשריגן. — דאָקטאָר, דאָקטאָר! — האָט זי אויסגעשפּרייט אירע בעטנדיקע הענט.

— איך בין דער דאָקטאָר, — האָט דער אויבער־לייטענאַנט געמאַכט א באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אַראָפּצובייגן צו דער אַלטיטשקער.

פון גרויס איבעראַשונג, וואָס דער זעלבער פאַרדאָרבענער מענטש, וועלכער האָט נאָר־וואָס געהאַלטן אַזאַ גיפטיקע רעדע, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי העפלעך, האָט דאָס מיידל, א פאַרצאַפּלטע,

גיך־גיך אַראָפּגעכאַפּט פון איר קאָפּ אַ טערקישן שאַל און אים מיט עלעגאַנץ אויסגעשפּרייט פאַרן נאַצישן דאָקטאָר, אַז ער זאָל זיך גישט איינעצן די קניען.

ער האָט אַנידערגעקניט באַטראַכטן די פרוי און גלייך באַפוילן :

— די טראַגע ! איינשפּריצונגען...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, באַטראַכטנדיק דאָס פלאַטערדיקע מיידל.

— אָ, אַ דאַנק, הער דאָקטאָר ! — האָט דאָס מיידל אַ צעטומלטע זיך באַוויגן, מיט ציטערנדיקע הענט אויפגעהויבן דער מוטערס קאָפּ.

— מאַמעשי, וואָס מאַכסטו ?

— איך פיל זיך שוואַך...

— מיר וועלן זי געזונט מאַכן... — האָט דער אויבער־לייטענאַנט געגעבן אַ צייכן, אַז מען זאָל זי אַוועקטראָגן.

דאָס מיידל האָט זיך אַ ריס געטאָן צו דער טראַגע, נאָר די פרויען־עלטסטע האָט זי פאַרהאַלטן אין דער ריי. איז זי געבליבן שטיין מיט אַן אויפגעריסענעם בליק, נאָכגעקוקט ווי די טראַגע ווערט פאַרשוווּנדן אינעם נעפּל. פאַר אירע אויגן האָט זיך קוים־קוים אַרויסגעשיילט אַ לאַנגער, שמאָלער באַראַק אָן פענצטער. זי האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס איז די „לייכן־קאַמער"...

דער אויבער־לייטענאַנט האָט אויף עטלעכע טריט אַוועקגעשפּאַנט. אָבער באַלד האָט ער זיך אומגעקערט צום מיידל.

— אַן אַרטיסטין, וואָס ?

דאָס מיידל האָט אויפגעציטערט, באַמערקנדיק, אַז זיין געשטאַלט איז שוין ווידער אויסגעוואַקסן פאַר אירע אויגן.

— איך בין אַ פּשוט מיידל, אַ וועש־נייערין.

— אַ וועש־נייערין ? — האָבן זיינע אויגן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פיינער פאָרם פון אירע פיס, אין אַ פּאָר שוואַרצע שניי־שיך.

— גרויסאַרטיק.

— פון וואַנען קומסטו ?

— פון לאָדזש.

— המ... פון ליצמאַנשטאַט. און דיין פאָטער איז געווען א קויפמאַן.

— ניין, א שוסטער.

— א שוסטער ? — האָט ער ווי איבערראַשט זיך איינגעקוקט ווי צוויי לענגלעכע חזן־גריבלעך קנייטשן זיך אויף דעם מיידלס באַקן בעתן רעדן.

— נו, אויב דו זאָגסט א שוסטער, איז דיין פאָטער געווים גע־ווען א לעדער־סוחר, טאָ ווו האָסטו פאַרשטעקט דיין צירונג ?

— אַז אָרעם מיידל, הער דאָקטאָר. מיינע עלטערן האָבן מיר נישט געקענט קויפן מער ווי א רינגל מיט פאַלשע שטיינער... טאָ צו וואָס האָב איך עס באַדאַרפט אָפּהיטן און אייך דערמיט באַ־שווינדלען ?...

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרביסענע ליפּן. איר שטאָך־וואָרט האָט אים א ברען געטאָן, נאָר איר זעלטענער רייץ האָט אים גע־שלאָגן.

— ווי הייסטו ?

— רחל שיינפעלד.

— המ... מיט אַזא יידישן נאָמען האָט מען דיך צו־שפּעט אַנט־דעקט.

און כאַפּנדיק בגנבה א בליק אויף איר קאָפּ האָר, וואָס האָט זיך אַריינגעקרייזלט אינעם נעפּל, ווי א באַגילדעטער וואָלקן, איז ער אַוועק אַרויסרופן שרעק מיט זיין פאַרשייטן בליק ביי די איבעריקע פרויען.

נאָכן אַפּעל איז דער גאַנצער טראַנספּאָרט אַריינגעפירט געוואָרן אין וואַש־באַראַק. דער געדראַנג דאָ איז געווען אַזוי גרויס, אַז איין קערפּער האָט ממש געקלעפּט אין צווייטן. א געזשומעריי פון פרויען־קולות האָט אַלץ אַרום פאַרטויבט. באַקאַנטע מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָבן זיך געוואָלט דערנענטערן און האָבן זיך, צוליבן געדראַנג, נישט געקענט דערגרייכן. די צוויי „אַרישע“ פרויען, וועלכע האָבן דאָ

אויסגעטיילט וואַש־פּולווער, האָבן נישט אויפגעהערט אונטעריאָגן און אונטערשטויסן די יידישע פרויען:

— אויסטאָן זיך צום אָפּשערן, צום דוש!

די געציילטע טאַבורעטקעלעך זיינען כהרף־עין באַפאַלן געוואָרן פון צענדליקער הענט, וועלכע זיינען זיך מיט פאַרביסנקייט ממש אַריינגעקראָכן אין דער הויט. געוואַלטן, זידלערייען, פאַרביטערטע זיפצן האָבן אָנגעפילט דעם מיט פאַרע־פאַרוואָלקנטן וואַש־באַראַק. פון אַ צוויי־דריי קאַליע־געוואָרענע קראַנען האָט נישט אויפגעהערט צו קאַפּיען גרויסע טראָפּנס, וועלכע האָבן כסדר געפּויקט אין דער האַרטער בלעך אַריין, וואָס האָט איבערגעצויגן די הילצערנע וואַש־בעקנס. דאָס געפּויקעריי אין דער בלעך אַריין האָט שטאַרק אויפגע־רייצט די שוואַכע נערוון ביי די פרויען. זיי האָבן זיך גענומען באַ־וועגן מיט אַזאַ ווילדקייט, ווי עס וואָלט ווער געעגבערט זייערע שאַרבנס, כדי זיי צו דערפירן ביז משוגעת. די פרויען, וואָס האָבן אין דער בהלה נישט געקענט דערשלאָגן זיך אײנצושאַפן אַ טאַבו־רעטקעלע, האָבן בלית־ברירה אַוועקגעלייגט זייערע פעקלעך מלבושים אויף די נאַסע וואַשבעקנס און מיט האַרצווייטיק זיך צוגעקוקט ווי זיי ווערן אַדורכגעווייקט. ערשט ווען אַנדערע צוויי „אַרישע" פרויען זיינען אַריינגעקומען מיט קאַלדערעס אין די הענט און האָבן מיט חוזק גענומען אַריינוואַרפן אין זיי די אויסגעסדרטע פעקלעך פרויען־קליידער — האָט דער האַרצווייטיק אויפגעהערט און עס איז געבוירן געוואָרן אַן אַנדערער ווייטיק, וואָס האָט נאָך פיינלעכער געגריזשעט דאָס האַרץ...

רחל האָט בליץ־שנעל דערגרייכט אַ טאַבורעטקעלע ביי אַ וואַנט און האָט זיך דערויף שווער אַראָפּגעזעצט. איר גאָלדענער קאָפּ־האָר האָט זיך ווי אַ שאָל געכוואַליעט אַרום אירע נאַקעטע אַקסלען. דאָס אַרומיקע בילד האָט זי ממש דערשיטערט. איר איז געקומען אויפן געדאַנק: „בעסער שוין, וואָס די מאַמע מיינע איז נישטאָ..." דער טרויער, וואָס האָט זי באַהערשט, האָט גענאָגט איר בלוט ווי אַ פּיאַווקע. זי האָט זיך, מיט אַ צעשטרייטן בליק, אַרומגעקוקט און

באַמערקט ווי איינציקווייז ווערט אין וואַש=באַראַק אַביסל לויזער. אַ היפּש ביסל פּרויען זיינען שוין געוואָרן אַריינגעפירט צום דוש. אויפן צעמענטענעם באָדן האָט זי שוין באַמערקט ליגן קופּעס האָר. פאַר אירע אויגן זיינען כסדר געפאַלן פרישע בינטלעך אָפּגעשוירענע האָר: פעך=שוואַרצע און זילבערנע, אויסגעמישט צוזאַמען...

קעגנאיבער איר, אויף אַ טאַבורעטקעלע, זיינען געזעסן צוויי שוועסטערלעך, ענלעך ווי אַ צווילינג. זייערע סאַמעטענע לאָקן האָבן געציטערט אויף זייערע קעפּ, ווי אויף שעפּסן, געטריבענע צו דער שחיטה. ביידע שוועסטערלעך זיינען געווען יונג און שיין. די ברוינע הויט אויף זייערע פּנימער האָט נאָך געגלאַנצט מיט דער פרישקייט פון יוגנט=טוי. זייערע שוואַרצע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ רייץ צום לעבן. די שוועסטערלעך האָבן זיך קעגנזייטיק געטרייסט מיט צאַרטע רייד. בעת זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן זיך זייערע קעפּ צונויפגעטוליעט. זיי זיינען געבליבן זיצן ווי צוזאַמענגעוואַקסן, קערפּער צו קערפּער, ווי איינע וואָלט מיט דער צווייטערס לייב גע=וואָלט פאַרשטעלן איר נאַקעטקייט. זייערע הענט און פיס האָבן געציטערט פאַר קעלט. איינע האָט שטילערהייט געוויינט און די צווייטע האָט איר מיט די פינגער אויסגעווישט די אויגן...

די סצענע האָט רחלען אַ טיפן שטאָך געגעבן אין דער ברוסט. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט און נאָך שווערער ווי פריער זיך צוריק אַראָפּגעזעצט, מיט די אויגן געווענדעט צו די צוויי שוועסטער=לעך. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט צו די צוויי מיידלעך אַ טיפערן רחמנות ווי צו זיך גופא.

„וואָס וויל מען האָבן פון אַזעלכע צוויי יונגע קינדער? וואָס קומט דאָ בכלל פאָר? וועלכער כוח מאַכט די אַלע מענטשן דאָ אַזוי אונטערטעניק? זאָל די מורא פאַרן טויט זיין אַזוי גרויס, אַז דע=מאָלט ווען זי באַפאַלט אַ מענטשן, קען מען אים טרעטן ווי אַ וואָ=רעם?“ — האָט רחל זיך געפרעגט אין געדאַנק.

פאַר איר דמיון האָט זיך אַוועקגעשטעלט איר אָרעמע אַרבעטער=היים. וואָס האָט איר פאָטער פאַרלאַנגט, זיצנדיק אויפן שוסטער=

בענקעלע מיטן בליק געווענדעט צום פאַרשטויבטן פענצטער? ער האָט פאַרלאַנגט אַרבעט, כדי צו דערנערן זיין ווייב און פיר קינדער. וואָס האָט איר מוטער פאַרלאַנגט אַרויסגייענדיק אין גאַס אַריין איינקויפן? זי האָט נישט געוואָלט פאַרשעמט ווערן פאַר די איבע־ריקע ווייבער, וואָס האָבן זיך געקענט פאַרגינען דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע. און הגם אין זייער ווירטשאַפט איז יעדער גראָשן געווען געווויגן און געמאָסטן, האָט אין דער אָרעמער וווינונג גע־הערשט אַ ליבשאַפט און אַ געטריישאַפט, פון די עלטערן צו די קינ־דער און פון די קינדער צו די עלטערן. זי איז ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין געזעסן און גענייט וועש פאַר נגידישע הייזער און מיט אירע פאַרדינסטן אונטערגעהאַלטן די עלטערן. די מוטער, געדענקט זי, האָט קיינמאָל נישט געוואָלט צונעמען איר געלט, טענהדיק, אַז „אַזאַ שיין מיידל ווי דו ביסט, מוז האָבן וואָס אָנצוטאָן". „מענטשן זיינען מיך געווען מקנא מיט דיין שיינקייט" — האָט זי דערביי צוגע־שמייכלט.

איר ברודער משה וואָלט אָבער האָט געהאַט גרעסערע פאַרלאַנ־גען ווי אירע עלטערן. ער איז אָפּגעלעגן אין די אַרבעטער־פאַריינען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. ער האָט געהאַט אַ טאַלאַנט צום רעדן. ווען ער האָט געאַרבעט, האָט ער גענומען לעקציעס. ווען די אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט ער געשלונגען ביכער ביי אַ קליין נאַפט־לעמפּל, איבערגעצויגן מיט אַ פּאַפּירענעם טעלער. איז אויס־געבראָכן אַ שטרייק אין זיין וועבער־פאַבריק, איז ער גאַנצע טעג נישט אַהיימגעקומען. ווען עס זיינען פאָרגעקומען וואַלן, איז ער געווען הייזעריק. האָט מען פאַרן ערשטן מאַי געזוכט קאָמוניסטן, האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט פון בעט. און די מוטער, געדענקט זי, האָט אין אַזאַ מאָמענט ביטער געוויינט. דער פאָטער האָט גע־שריגן, אַז ער איז אַ יונגאַטש מיט ביינער. ער ווייסט וואָס ער וויל. „ער וויל נישט זיין אַזאַ פערד ווי דער טאַטע איז", און זי האָט דעם ברודער באַגלייט, אָנגעפילט מיט שטאָלץ, וואָס אירע באַקאַנטע רעדן פון אים מיט גרויס באַגייסטערונג. ווען די מלחמה איז אויסגע־

בראָכן איז ער אַוועק אין מיליטער און האָט זיך מער גישט אַהיים־געוויזן.

און טראַכטנדיק פון איר היים, האָט זיך אַ פּראָסטער שפּיגל, מיט אַן אומפּאָלירטער ראַם, אַוועקגעשטעלט פאַר אירע אויגן. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זי קעמט זיך איצט די האָר ביי זייער שפּיגל און זינגט דערביי אַ ליד. אינעם שפּיגל זעט זי דעם שאָטן פון איר מוטער. זי שטייט הינטער איר מיט אַ נחתדיק שמייכעלע אויף די ליפּן. אָבער באַלד האָט רחל אַרויסגענומען אירע אויגן פון איר וויזיע און האָט, מיט אַ ציטער, באַמערקט דעם וואַש־באַראַק און די פּאַד־לאָגע, וואָס־אַמאָל געדיכטער אָנגעהויפט מיט אָפּגעשוירענע האָר. זי האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט אירע גאָלדענע פאַסמעס האָר און זיי געטוליעט צו דער ברוסט מיט אַ בענקשאַפט, ווי זיי וואָלטן שוין געווען אָפּגעשוירן. איר איז איינגעפאַלן צום לעצטן מאָל זיך אויסצו־פלעכטן אַ צאָפּ פון אירע האָר, וואָס זיינען איר אַזוי טייער געווען, ווי די צעלאָזענע פעדים פון איר יוגנט. און באַלד טאַקע האָט אַ גאָלדענער צאָפּ זיך אַ טרייסל געטאָן אויף איר ברוסט.

ביים אויספלעכטן זיך דעם צווייטן צאָפּ, האָבן זיך דערהערט שווערע טריט פון מיליטערישע שטיוול און מיט אַ חוצפהדיקן טראָט האָט אַריינמאַרשירט דר. בראַנדשטעטער. ער האָט זיך, מיט אַ פאַרביסענעם נקמה־שמייכל, צוגעקוקט, ווי צווישן די פרויען איז געוואָרן אַ ווילד־געלויף. די פרויען האָבן זיך גענומען באַוועגן מיט אַן אומבאַהאָלפנקייט, אויסשטרעקנדיק דערביי די הענט אין דער לופט, ווי זיי וואָלטן בעסער געוואָלט, אַז די ווענט זאָלן זיי צודעקן ווי באַוויזן זייער נאַקעטקייט דעם רוצח.

— גיכער, גיכער! — האָט ער גענומען אונטעריאָגן, כדי אָנצו־וואַרפן אַן אימה מיט זיין דערשיינען.

אַרומקוקנדיק זיך, האָט זיך זיין פינצטערער בליק אָפּגעשטעלט אויף רחלען. מיט פויקנדיקע טריט אויפן צעמענטענעם באָדן האָט זיך דער אויבער־לייטענאַנט צו איר דערנענטערט.

מיט אַ ווילדקייט האָט רחל צוריק אויפגעפלאָכטן די צעפּ און

מיט אירע צעלאָזענע האָר זיך פאַרשטעלט דעם נאַקעטן ביוסט. מיט געקרייצטע הענט אויף די קניען, דעם קאָפּ טיף אַראָפּגעבויגן, איז זי געבליבן זיצן אַן איינגעקאָרטשעטע. זי האָט, מיט אַ קלאַפּע־דיק האַרץ, באַמערקט ווי די צוויי שוועסטערלעך זייגען פאַר בושה האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען פונעם טאַבורעטקעלע. זייערע קערפּערס האָבן זיך אין אירע אויגן צענומען ווי אַ געפלאַצטע סטאַטועטקע. דערנאָך האָט רחל לעבן זיך דערזען צוויי שטיוול און זי האָט גע־פילט, ווי דעם אויבער־לייטענאַנטס בליק קריכט אַרום איבער איר נאַקעטן קערפּער, ווי אַ שלאַנג.

רחל האָט דעם אויבער־לייטענאַנט געוואָלט פרעגן, וואָס איר מוטער מאַכט, נאָר זיין אומפאַרשעמטקייט האָט זי אַזוי שטאַרק אויפגעברויזט, אַז זי האָט נישט געקענט אַרויסברענגען קיין מענטש־לעך וואָרט צו אים. זי האָט אויף אַ רגע צוגעמאַכט די אויגן, נישט געוואָלט זען אפילו זיינע שטיוול. זי האָט אים געהערט אַוועקשפּאַ־נען און צוריקומען, ווי ער וואָלט זיך באַמיט אויפצורייצן אירע נערוון. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס גיסט ווער אויף אירע נאַקעטע פּלייצעס אייז־קאַלטע שטראָמלעך. און פון בלויזן אויסדאַכ־טעניש האָבן אירע אַקסלען גענומען צוקן, ווי עס וואָלט זי געשווידערט. נאָך אַ ווײַלע האָט זי זיך פונדעסטוועגן אָנגעטאָן אַ כוח און שטיל געפרעגט:

— מיין מוטער?

— דיין מוטער?... מיט איר פאַרנעמט זיך דער יידישער אויבער־אַרצט. צו אים קענסטו האָבן דעם גרעסטן צוטרוי... — האָט ער אונטערגעשמייכלט.

— איך וואָלט זי געוואָלט זען!

דאָ האָט דער אויבער־לייטענאַנט דערשטיקט אַ געלעכטער, וואָס האָט זיך אים געוואָרגן אין האַלדז. ער האָט געטרייסלט מיט די אַקסלען זיינע, ווי ער וואָלט זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצוהיקען אויפן קול.

רחל, הגם זי האָט אים נישט אָנגעקוקט, האָט זי פונדעסטוועגן

דערפילט מיטן אינסטינקט, אַז זיין דערשטיקט געלעכטער באַדייט עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך... זי האָט אויפגעשווידערט, ווי זי וואָלט באַקומען אַ בריענדיקן שמיץ. אַ רגע האָט זי פאַרגעסן אין איר נאַ־קעטקייט און אַרויסגעריסן איר קאָפּ צו אים.

— וואָס איז געשען מיט מיין מוטער? — האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקטער אויסגעשריי, אָנגעזאַפּט מיט טרערן, אַז אפילו דער אויבער־לייטענאַנט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

— זי איז שוין פון אַלעם פריי... מיר דאַרפן האָבן יונגע מענטשן... — האָט דער אויבער־לייטענאַנט גענומען בייטשן זיין לינקע, באַהענטשקעטע לאַפּע, מיטן דינעם נאַגייקעלע זיינעם.

רחל האָט געפילט ווי זי וויל עפּעס אויסשרייען און קען נישט.

— דיין קאָפּ האָר איז דיר נישט קיין שאָד? — האָט דער סאַ־דיסט מיטן נאַגייקעלע אויפגעהויבן אַ פּאַסמע פון אירע האָר און אויף אַן אויגנבליק דערזען אַ שטרייף פון אירע נאַקעטע ברוסט.

רחל האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן. אַן אויפגעברויזטע האָט זי אַוועקגעשטופּט זיין נאַגייקע. זיין איראָניע האָט זיך טיף אַריינגעשטאָכן אין איר לייב. מיט אַן אויפגעוואַכטן צאָרן האָט זי געקוקט אויף זיינע שטיוול און האָט נישט געקענט באַנעמען וועלכער כוח האַלט זי צוריק זיי נישט צו באַשפּייען.

— אָ, דו ביסט אַ שטאַרקע! — האָט ער ציניש געשמייכלט. — אָבער, אַז אַזאַ מיידל ווי דו זאָל נישט ליב האָבן קיין מיליטער־מאַן, דאָס גלויב איך קוים. אַן אַנדערע וואָלט שוין לאַנג געלעגן ביי מיינע פיס און מיך געבעטן, כ'זאָל איר איבערלאָזן די האָר.

— איך וויל ביי אייך גאָרנישט בעטן! — האָט זי מיט עקל אויסגעשריגן. — איך ווייס ווו כ'געפין מיך.

— אָ, דו רעדסט ווי אַ העלדין, געפּאַנגענע פון ליצמאַנשטאַט. — האָט ער אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. — אָבער דאָ רעדט מען נישט קיין איבעריק וואָרט. אויב יאָ, שניידן מיר נישט די האָר, נאָר דעם קאָפּ. פאַרשטאַנען?

און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן אויף דעם מיידלס צו־

מער פון זיינע דראָאונגען. באַמערקנדיק איר גלייכגילטיקייט, איז ער אַוועק מיט האַסטיקע טריט, אויסלאָזנדיק זיין רציחה צו די נאַקעטע פרויען־פּלייצעס, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויפן וועג צום אַרויסגאַנג.

.2

צומאָרגנס איז רחל, צוזאַמען מיט אַנדערע פרויען פון איר טראַנספּאָרט, איינגעגלידערט געוואָרן אין אַ „קאָמאַנדאָ". מיטן שפּראָץ אויף טאָג די „קאָמאַנדאָ" אַרויסמאַרשירט אין דער אַמוניציע־פאַבריק אַריין. קאַצעטניטשקעס, וואָס האָבן שוין אין דער פאַבריק געהאַט איבערגעלאָזט זייער געזונט, האָבן זיך נע־שלעפּט אויפן שאָסיי ווי זקנות. זיי האָבן זיך שוין מער נישט אַרומ־געקוקט. זיי זיינען שוין צו אַלצדינג געווען גלייכגילטיק. זייער בליק האָט נאָר געזוכט דעם באַרג־אַרויף, דעם איינגאַנג צום גרויסן טויער, וואָס האָט יעדן טאָג אָפּגעשלאָסן צוועלף שעה פון זייער לעבן.

רחל, גייענדיק אויף דעם וועג צום ערשטן מאָל, האָט זיך אַ ניי־געריקע אַרומגעקוקט. די אַרומיקע פעלדער זיינען געלעגן פאַר אירע אויגן באַדעקט מיט אַ זילבערנעם טוי. די טאָפּאָלן, ביי די ראַנדן פוןביידע זייטן שאָסיי, זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלעכע. די דינע שפּיציקע צווייגן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אינעם נעפּל ווי קראָען־פּיס אין אַ פּייכטן שניי־שיכט. אַרום איז געווען שטיל און שרעקווי־דיק. רויט־ציגלדיקע הייזקעלעך, מיט פאַרמאַכטע לאָדנס, האָבן זיך ערטערווייז שוואַכלעך אַרויסגעשניטן פון דער פאַרנעפּלטער פּרי־מאָרגן־לופט. אַ הונט האָט זיך ערגעץ־ווו געריסן אויף אַ קייט, הערנ־דיק אַ געפּויקעריי פון טריט אויפן שאָסיי. דער פאַרבייפאָרנדיקער צוג איבער אַ בריק, האָט אַריינגעקרייזלט אין דער לופט אַ וואָלקן פּאַרע. פון די פאַרמאַכטע וואַגאָנען האָט זיך די קאַצעטניטשקעס געדוכט צו האָבן דערהערט אַ מוראדיק געוויין פון קינדער...

רחלס שכנטע, אַ פרוי אין די דרייסיקער, האָט אין גאַנג כסדר

געדערבעט מיטן האַרץ און זיך קוים נאָכגעשלעפּט. זי האָט אַראָפּגע-
נומען די אויגן פון רחלען, וואָס איז געווען די איינציקע אין דעם
„פּינפּטל“, וואָס האָט נאָך געשפּאַנט מיט אַ פעסטן טראָט. די פרוי
האָט געטראַכט, אַז ווען זי איז אָנגעקומען, האָט זי אויך געהאַט אַזאַ
גאַנג ווי רחל. און איצט, נאָך אַזאַ קורצער צייט, שלעפּט זי קוים
נאָך די פיס און דער הוסט הערט זי נישט אויף צו דושען בייטאָג
און ביינאַכט.

— טאָכטערשי, כ'וויים נישט ווי דו הייסט — האָט זי געזאָגט
מיטן אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם — לאָז מיך אַביסל אין דיר אָנלענען!
דעק צו מיין האַנט מיטן שאַל, אַז די רשעים זאָלן נישט באַמערקן.

— מען קען גאָרנישט דערגרונטעווען זייער ברוטאַלקייט — האָט
רחל פאַרזיכטיק גענומען איר שכנטע אונטערן אָרעם — כ'האָב גע-
מיינט, אַז דער בראַנדשטעטער פאַרמאָגט כאָטש אַ פונק מענטשלעכ-
קייט, בשעת ער האָט אַנידערגעקניט באַטראַכטן מיין מאַמען. צום
סוף האָט ער איר געהייסן מאַכן אַן איינשפּריצונג צום שטאַרבן.

— אוי, טאָכטערשי, דו ביסט ערשט אַ פרישע און דו ווייסט
נעבעך גאָרנישט וואָס דאָ קומט פאָר. איך וויל נישט באַשווערן דיין
האַרץ. יענע וואָך, הערסטו, האָט טאַקיש דער זעלבער פאַרשוין
אויסגעפּלאַסקעט אַ „קאַפּאָ“, וואָס האָט מערדערלעך צעשלאָגן אַ
יינגל. אַזוי איז אים איינגעפאַלן אויף אַ מינוט צו ווערן אונדזער
פאַרטיידיקער. אָבער באַלד נאָכן אַפּעל האָט ער דאָס יינגל צוגע-
פירט צום אַבאָרט און דערשאָסן. נישט בחינם רופן מיר אים
„וואַמפּיר“.

— הייסט עס, אַז מיר זיינען דאָ אַהערגעקומען שטאַרבן —
האָט רחל אַרויסגעזיפצט.

— כ'בעט דיך, טאָכטערשי, רעד מיר נישט פון קיין לוקסוס!
שטאַרבן זאָגסטו? ווער עס טויג נאָך צו זייער אַרבעט, דעם לאָזן
זיי נישט אַזוי לייכט שטאַרבן, אַזוי גוט ווי זיי לאָזן נישט לעבן. מען
גוססט דאָ יאָרן.

— כ'בין צו ווייניק געבילדעט עפּעס צו פאַרשטיין — האָט רחל

זיך אומגעקוקט, צי ס'כאַפּט נישט ווער אויף אירע רייד — איך דער־מאָן זיך, מיר האָבן איגדערהיים געהאַט אַ הינטל האָט עס אויך גע־האַט אייגנליבע. ווען דער טאַטע מיינער האָט עס אַמאָל אַ שמיצל געטאָן מיט אַ דראַטווע, האָט עס זיך געמאַכט אַ ברוגז און פריער נישט געוואָלט עסן, ביז מען האָט עס איבערגעבעטן. דאָ לאָזט זיך דער מענטש טרעטן מיט מער עקל, ווי מען טרעט אויף אַ וואָרעם. און מיך ווונדערט טאַקע, וואָס ס'כאַפּט זיך נישט אַמאָל ווער אויף און שטעלט זיך אַקעגן. פאַרמאָגן זיי פאַקטיש דעם כוח אין אונדז אויסצוווּאָרצלען אַלע מענטשלעכע געפילן ? איך בין זיכער, אַז איך וועל דאָ לאַנג נישט אויסהאַלטן.

— וועסט אויסהאַלטן. יעדע איינע פון אונדז האָט אין די ערשטע טעג אַזוי געטראַכט. דו רעדסט פון אַקעגנשטעלן זיך, אָבער וואָס העלפט דאָס ? אין מענער־לאַגער האָט איינער געהאַט באַקומען אַ שטראָף צו שטיין אַ שעה צייט מיט צוויי שווערע שטיינער אין די הענט. דער וואַכמייסטער, וואָס האָט אים געהיטן, איז געשטאַנען און קאָמאַנדעוועט, ר'זאָל חלילה אויף אַ האָר נישט אַראָפּלאָזן די הענט. האָט דעם ייד געפּלאַצט דאָס געדולד און ער האָט אַראָפּגעטראַסקעט אַ שטיין אויפן וואַכמייסטערס קאָפּ. נו, נו, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגע־טאָן ! דעם ייד, פאַרשמיסן צום טויט. דערנאָך, טויטערהייט, אים אויפגעהאָנגען, אונדז צו סטראַשען, אַז דאָס זאָל זיך מער נישט איבערחזרן.

— הער אויף, הער אויף ! די הויט ווערט אויף מיר געגרינצלט.

— איך בין שוין נעבעך צו אַלעם גלייכגילטיק.

— זיי האָבן פון אונדז אַרויסגעצויגן דאָס רחמנות־געפיל — האָט רחל זיך אַ טרייסל געטאָן — די פרויען פון אונדזער „שטובע" זיינען זיך פאַרביסענע שונאים. דרייט זיך איינע אַרום מיט אַ גע־שוואָלן פּנים פאַר הונגער, מאַכן זיך די אַנדערע וויצן, אַז זי האָט זיך אויסגעפּאַשעט. זיי פאַרמאָגן שוין נישט דעם מינדעסטן מיט־געפיל.

— און ביי אונדז, מיינסטו, איז בעסער ? איינמאָל האָט מען אַ

פּריש־געקומענע פּאַרגעסן אויסצוטיילן די ראַציע מאַרגאַרין, האָט זיך איינגאַנצן איין פרוי אַרויסגעשטעלט, אַז מען זאָל פון יעדנס חלק אָפּקראַצן אַ ברעקעלע און צוזאַמענשטעלן אַ ראַציע. עס האָט אונדז טאַקע געוואונדערט אויף דער פרוי, וואָס איז אַלעמאָל געווען גיפטיק ווי אַ שלאַנג, זי זאָל מיטאַמאָל ווערן אַזאַ גוטע. וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די „גוטיטשקע" האָט שוין איר ראַציע מאַר־גאַרין געהאַט אויפגעגעסן.

— שרעקלעך! — האָט רחל אויפגעציטערט.

— שווייג! — האָט רחלס שכנטע פּלוצלונג אַרויסגעהויבן איר קאָפּ פון דער ריי — די צוויי שוועסטערלעך זיינען דאָ, זע איך, אַריין מיטן רעכטן פוס.

— וואָס הייסט?

— דו זעסט נישט, אַז די צוויי יונגע וואַכמייסטערס האָבן זיי געגעבן צו טראָגן זייערע ברויט־זעק?

— און וואָס פאַר אַ גליק איז דאָס?

— דאָ איז עס אַ גליק. אַזאַ זאַך שמעקט דאָ מיט אַ צוגעוואָר־פענעם ביסן. אוי, עס הייבט זיך שוין אָן דער באַרג! מען וועט באַלד האָבן אַן אַנדערע לופט. מען וועט באַלד אָנהייבן פון זיך אַרויסצו־הוסטן די קישקעס. הער אויף צו דברן! זיי טוען זיך שוין אויס די ביקסן.

— זויבער אַריינמאַרשירן, זויבער אַריינמאַרשירן! — איז גע־וואָרן אַ געלויף, אַ געשריי צווישן די וואַכמייסטערס.

די פרויען־קאָמאַנדאָ איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. זיי האָבן געפילט, ווי יעדער טראָט, וואָס פירט זיי ווייטער, רייסט זיי אַוועק פון דער דרויסנדיקער לופט. די קאָנטורן פון פאַבריק־טויער האָבן זיך שאַרף אַריינגעשניטן אין זייערע אויגן...

רחל האָט זיך איינגעקוקט ווי פונדערווייטנס עפּנט זיך אַ טויער לאַנגזאַם, לאַנגזאַם. אַ שוואַרצער תהום קוקט צו איר אַהער, וואַרפט אָן אַ שרעקלעכן פּחד...

.3

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך די ברוינע טייוואָלאָגים דערמאָנט, אַז עס איז אַמאָל געבוירן געוואָרן אַ גאָט אויף דער וועלט. עס איז אונטערגעקומען ווייַנאַכטן. אַ גאַנצן טאָג האָבן האַלבע־מתים, אַרויס־גענומענע פון דער „קראַנקן־שטובע", געריייניקט די אָפּטיילונג פון דער נאַצישער קאָמענדאַנטור. די באַראַקן זייערע זיינען געוואַשן געוואָרן פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק. גאַנצע פורן זאַמד זיי־נען אַרייַנגעפירט געוואָרן און דערמיט האָט מען באַשאָטן דעם דייטשן באָדן. אַ ספּעציעלע „קאָמאַנדע" איז צוריקגעקומען פון וואַלד מיט אַ וואָגן אונטערגעהאַקטע יונגע נאָדל־ביימלעך. מיט די צווייַגן איז פאַרפּוצט געוואָרן דער אַרייַנגאַנג צו דער קאַנצעלאַריע, וו ביים אָפענעם פענצטער איז געשטאַנען דער אויבער־לייטענאַנט, דר. בראַנ־שטעטער, מיט אַ ציגאַר אין פּיסק, די הענט אין די הויזן־טאַשן, און האָט קאָמאַנדעוועט. דער עלעקטראָ־טעכניקער, אַ ווינער ייד, וועמען די דייטשע שמיץ האָבן ווייניק־וואָס געאַרט, ווייל ער האָט זיך איינ־גערעדט, אַז די שמיץ מיינען נישט אים, נאָר די פּוילישע יידן, האָט שוין אויף דעם טאָג געוואַרט, ווי אַ הונט אויף דער פּורים־סעודה. ער איז אַלע ווייַלע אונטערגעקראָכן צום אויבער־לייטענאַנט און מיט אַן אונטערלעקערישער שפּראַך אים געזאָגט, אַז אָן דעם אויבער־לייטענאַנטס געשמאַק וועט ער נישט מאַכן די מינדסטע זאַך. און דר. בראַנדשטעטער, זייענדיק אין אַ גוטער שטימונג, האָט אים גאַנץ העפלעך געענטפערט, ווי אָט־אַזוי וואָלט ער געוועזן אַ גאַנץ קיילעכ־דיק יאָר.

אין דעם טאָג האָבן אַלע קאָמאַנדאָס זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט מיט אַ גאַנצע שעה פריער, כדי די וואַכמייסטערס זאָלן האָבן מער צייט זיך צוצוגרייטן צום באַל. דעם ראַפּאָרט האָט אָפּגענומען דער יידן־עלטסטער.

דער אויבער־לייטענאַנט האָט זיך געגעזלעגנט נישט אַריינגעוויזן אין יידישן לאַגער. די באַשולדיקטע אין „סאַבאָטאַזש" און די

„גנבים“, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן ביים אַראָפּכאַפּן עטלעכע אָנגעפּרוירענע מייערלעך פון אַן אָנגעלאָדענעם וואַגאָן, האָט מען אָפּגעלייגט די שטראָף אויף נאָך ווייַנאַכטן.

נאָכן איבערציילן די אויסגעשטעלטע קאָמאַנדאָס, האָט דער יידן־עלטסטער, מיט ווייניקער שטרענגקייט ווי געוויינלעך, געמאָלדן:

— די באַראַקן מוזן לכבוד ווייַנאַכטן בלאַנקען. איר מוזט אַלע הייַנט זיין רייַנער אָפּגעוואַשן ווי אַ גאַנץ יאָר. דאָס עסן איז הייַנט אויסגעצייכנט. יעדער באַקומט אַ גאַנץ לעפעלע מאַרמעלאַדע. דער אַפּעל צום שלאָפן גיין איז הייַנט אָפּגעשאַפט. איר האָט רעכט צו זינגען... פאַרטיק. אַוועקטרעטן!

דעם יידן־עלטסטנס מילדע רייד האָט אַ טייל קאַצעטניקעס אַביסל אויפגעמונטערט. זיי האָבן זיך ווי עפּעס דערמאָנט, אַז אַמאָל האָט מען זיי באַהאַנדלט ווי מענטשן. און אפשר וועט דאָס צוריקומען ?...

מיט מער מוט ווי תמיד, נאָכן אַפּעל, איז געוואָרן אַ געלויף אין די וואַש־באַראַקן אַריין. עס זייַנען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס גראָד דער מילדער טאָן האָט זיי נאָך טיפער געמאַכט פילן דאָס נידערגעשלאָגענע לעבן פון אַ גאַנץ יאָר. זיי זייַנען גראָד איצטער אַוועק מיט נאָך־שווערערע טריט, ווי געוויינלעך. די האָלץ־זוילן האָבן זיי נאָכגעהאַמערט מיט אַ טעמפּן אָפּקלאַנג.

פונעם באַראַק, וווּ דער יידישער אָרקעסטער האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, האָט מען שוין אַרויסגעהערט פראָבן־טענער. די מוזיקאַנטן האָבן שוין געסטראָיעט זייערע פידלען. די צאַרטע פידל־טענער, וועלכע האָבן זיך אומגעריכטערהייט אַריינגעגאָסן אין דעם „עמק־הבכא“, האָבן די קאַצעטניקעס צעמישט. זיי האָבן דערפילט, ווי אָפּגעריסענע קלאַנגען פון זייער פאַרגאַנגענהייט וואָלטן זיי פּלוצלונג געגומען רוישן אין די אויערן.

דער לאַגער־אָרדנער איז אַרומגעלאָפן מיטן פייפל אין מויל. זיין פייפן האָט פאַרטויבט דעם געפילדער פון קולות און די געפּויקערייַ פון הילצערנע טריט. דער לאַגער־אָרדנער האָט מיט זיין סיגנאַל אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל גלייך גיין אָפּנעמען די „פאַסונג“. די רייעס

ביי דער קיך האָבן איצט די קאַפּאָס נישט אויסגעשטעלט מיט באַנאַ־גייקעטע הענט. זיי זייגען אַריין אין מאַגאַזין זיך אויסזוכן די בעסטע מלבושים צום אויסטראָיען זיך. זייער צוטריט צום באַל, הגם ער האָט געקאָסט געגוג יידישע קרבנות, האָט זיי ממש ווילד געמאַכט פאַר פרייד. די וואַכמייסטערס, וואָס האָבן יעדן אָוונט געהיטן די קאַצעטניקעס, ווי מען וואַכט איבער פאַראורטיילטע צום טויט, האָט מען איצטער גענצליך נישט באַמערקט. אויך אויף די אָבסערוואַ־טאָרן־טורעמלעך איז דאָס מאַשין־געווער געשטאַנען פאַרלאָזט. דער גאַנג פון די געפאַנגענע איז דעריבער געווען, אין דעם אָוונט, אַ זי־כערער ווי תמיד. פריי, אומגעשטערט זייגען מענער, מיט די האַנ־טעכער אויף די העלדזער, געשטאַנען ביי דער דיקער וואַנט שטעכל־דראָטן און אַריבערגערעדט צו די פרויען. אָבער די ווייבער, און נאָר־מער די יונגע מיידלעך, האָבן גראָד היינט געהאַט מער טרויער אין זייערע פאַרבענקטע אויגן ווי אַלע מאָל...

אין דער קיך האָט מען אויסגעטיילט אַ זופּ, וואָס האָט געשמעקט מיט אַ ריח פון פלייש. אַ חוץ דעם האָט מען נאָך צוגעגעבן אַ קאַר־טאָפל־פלעצל, אַן אויסגעברויגטס, וואָס יעדער האָט דערצו לאַנג גע־שמעקט, עס אַרומגעלעקט, איידער ער האָט עס איינגעשלונגען. די זופּ האָט כמעט יעדער אַריינגעכלופּעט אויפן וועג צום באַראַק.

אינעווייניק, אין די באַראַקן, איז דער טומל געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט נישט געהערט קיין רייד, נאָר בלויז אַ געזשום. אויף די לאַגער־וועגעלעך האָבן זיך צוויי ראַציעס ברויט געוויגט אַרויף, אַראָפּ. די פאַרזשאַווערטע נעגל, אָנשטאָט „ציינגלעך", האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן אינדערמיט... די שרעק פון יעדן, אַז יעגער זאָל נישט באַקומען אַ גראַם מער, האָט געוויגן שווערער ווי די ראַ־ציע ברויט. וואַרטנדיק אויף דער פּאַרציע, האָבן די קאַצעטניקעס דערווייל געלעקט דאָס ביסל מאַרמעלאַדע, ביז זיי איז אויסגעקומען צו נאָגן דאָס ליידיקע לעפעלע. און האָבן זיי שוין מיט גרויס מזל באַקומען די ראַציע ברויט, האָבן זיי, גייענדיק אין דעם געדראַנג פון טיש צום בעט, זי איינגעשלונגען איבערן וועג. אַ טייל נאָר האָט

געוואָלט פּרובירן זייער כוח צו באַהערשן דעם הונגער. זיי האָבן אַוועק־געגעבן זייערע ראַציעס ברויט דעם שטוב־עלטסטן, ר׳זאָל זיי איינ־שליסן אין דער „שפּינדע“ אויף מאָרגן. אָבער ווי נאָר זיי האָבן אַוועקגעגעבן דאָס „זעקסטל“ ברויט, האָבן זיי עס גלייך צוריקגע־מאָנט, ווייל דער הונגער זייערער איז דווקא געוואָרן שטאַרקער, בשעת דאָס אָפּגעציטערטע שטיקעלע ברויט האָט זיך נישט מער געפונען אין זייער רשות...

ווען דער טומל פון אויסטיילן די „פּאַסונג“ האָט זיך אַביסל איינ־געשטילט, האָבן די געפּאַנגענע אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון צווישן די בעטן, ווי זיי וואָלטן זיך געלערנט גיין. עטלעכע האָבן אַנידערגע־וואָרפן די קעפּ אויפן גאָלן טיש און האָבן עפּעס גאָכגעטראַכט... איין אָפּן אויג האָט אָנגעקוקט דאָס צווייטע אויג פון זיין שכן, ווי קוקנדיק אויף יענעם וואָלט ער טיפער דערפילט זיך... אַנדערע זיינען צוגעקראָכן צו די פענצטער און אַרויסגעבענקט... עס איז זיי געווען אַ שאָד זיך צו לייגן שלאָפן אַזוי פרי און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי גאָרנישט געקענט מאַכן מיט זייערע וואַכעדיקע שעהן. האָט ווער אָנגעהויבן עפּעס דערציילן, האָבן זיך שוין אַנדערע אויך אין עפּעס דערמאָנט, איז ווידער געוואָרן אַ גערעדעריי.

אין באַראַק 7 האָט איינער געהאַלטן אַ רעדע אין דער שטיל. „דאָס נייע יאָר, וואָס דערנענטערט זיך — האָט ער געזאָגט — קען אפשר ברענגען פאַר אונדז אַלעמען דעם לאַנג־דערוואַרטן נצחון איבער...“ דאָ האָט ער אָפּגעהאַקט און אויסגעטייטשט די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט געהאַט אויפגעכאַפּט פון די וואַכטמייסטערס ביים צוריקמאַרשירן אין לאַגער אַריין. „לויט זייערע אייגענע רייד — האָט דעם קאַצעטניקס קול אַריינגערעדט אין דער שטילקייט — האָט זיך דער פינצטערער סוף צו זייער ממשלה שוין לאַנג אָנגעהויבן. מסתמא זיינען אונדזערע אויסלייזער שוין נענטער צו אונדז, ווי מיר שטעלן זיך דאָס פאָר...“

און הגם זיינע רייד האָבן עפּעס אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה אין די אויסגעמאַרכטע ביינער פון די קאַצעטניקעס, האָבן זיך נישט

אַלע צוגעהערט צו זײַנע רייד. אַ טייל איז גראָד דעמאָלט, בעת די פייניקער האָבן אויף אַ קורצינקער ווײַלע געלאָזט אָפּאָטעמען, באַפאַלן אַ וועלפישער הונגער און זיי זײַנען אַרוים מיט דער כוונה עפּעס אונטערצוכאַפּן אין „שייל־רוים", וואָס איז איצטער נישט געהיטן געוואָרן פון קיינעם.

מיטאַמאָל איז ווידער געוואָרן אַ געלויף פון די באַראַקן. אַ געדרעפּטשעריי פון האָלץ־שיך האָט אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט. דער יידישער אָרקעסטער איז אַרײַנגעפירט געוואָרן אין דער קאָמאַנדאַנטור־געביידע. קוקנדיק אויף די אינסטרומענטן, האָט דאָס פאַרבענקטע האַרץ פון געפאַנגענעם געוואָלט מיטגיין... דאָרט, אויף „יענער זייט", האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן צענדליקער פאַרביקע לעמפּלעך, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן פון דער „כאָינקע". אַ בויגן פון קאָלירט פײַער האָט זיך אויסגעלייגט איבער די דײַטשע באַראַקן. אויף די פאַפּירענע פאָרהענגלעך, איבער זייערע פענצטער, האָבן זיך געצייכנט ברענענדיקע ליכט אין קאַנדעלאַברעס, די שאָטנס פון דײַטשע קעפּ. הילכיקע געלעכטערס פון מיליטער־לייט, קוויטשערייען פון נאַצישע מיידן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אינעווייניק. מען האָט געהערט אויפפּראָפּן פלעשער מיט אַ שאָס. אַ טייל געפאַנגענע, ביי די דראָטן, איז פון דעם שאָס אָפּגעשפּרונגען אין דער זייט. דער אָפּקלאַנג פון גלעזער האָט אַ שפּיל געטאָן אין אויער. אַ שטויס טעלער האָט אַ טראַסקע געטאָן אין אַ טיש אַרײַן. אַ שאַרפער ריח פון אַ געבראָטענעם חזיר אין קרויט, האָט זיך אַרײַנגעריסן אין די נאָז־לעכער. די קאַצעטניקעס דערפילנדיק דעם ריח פון געבראָטן פלייש, האָבן אײַנציקווייז פאַרלאָזט די דראָטן. עס איז זיי געוואָרן איבלדיק אויפן האַרצן. די נשמה האָט ערגעץ־ווו געצויגן; און ווערנדיק באַהערשט פון זכרונות, וואָס זײַנען פלוצלונג אויפגעגאַנגען אין זייערע מוחות, זײַנען זיי מיט לאַנגזאַמע טריט צוריק אַרײַן אין די באַראַקן.

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ דײַטשן מיליטערמאַרש.

אויפֿן אַפּעל־פּלאַץ, אין דער האַלב־טונקלקייט, האָבן עטלעכע קאַצעטניקעס געשפּרייזט מיט די הענט אויפֿן בויך. איינער האָט צום צווייטן אַריבערגעשריגן:

— אונדזער פֿלייש איז געוועזן פֿון אַ געפּגרט פֿערד. עס זאָל זיי אַזוי איבערדרייען די קישקעס. נאָך גוט, וואָס די פֿרויען האָבן גע־האַט אַ זופּ אָן פֿלייש. זיי הייסן אונדז נאָך זינגען. אַן איינזינקעניש אויף זיי. די מוזיק האָט נאָך צוגעפּעלט צו אונדזער געמיט. עס לע־כערט דעם שאַרבן...

— מען דאַרף אַ הילף! ווער ווייסט ווי לאַנג מען האָט זיך נאָך צו מוטשען... — האָט דער צווייטער געהויבן מיט די אַקסלען און ביים אַבאָרט זיינען זיך זייערע שאָטנס צוזאַמענגעגאַנגען, געוואָרן איין פֿלעק אויפֿן שניי.

*

רחלס „קויקע“, אויף אַ דריי־שטאָקיק בעט, האָט זיך געפֿונען האַרט אונטערן סופיט. זי איז געלעגן מיט די הענט הינטערן קאָפּ און קוקנדיק אָן איבערן אויפֿן עלעקטרישן לעמפּל, האָט פֿאַר אירע אויגן אויפֿגעטויכט אַן אַנדערע וועלט, וואָס האָט זיך געפֿונען גאַנץ ווייט אַריבער די שטעכל־דראָטן. אין איר „שטובע“ איז געווען אַ גערויש. פֿרויען זיינען געלאָפֿן אַריין און אַרויס. יעדע רגע האָט די טיר אַ טראַסקע געטאָן און אַריינגעיאָגט אַ ווינט. אַ טייל פֿרויען האָט גראָד היינט נישט געקענט דערזיצן און נישט דערליגן. עס האָט זיי עפּעס געטריבן... אַנדערע ווידער האָבן אויסגענוצט די פֿרייע צייט, האָבן זיך פֿאַריכט זייערע צעריסענע „מלבושים“. אויף אַ ווינקל־בעט, פֿון מיטלסטן שטאָק, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע פֿרויען, צוגעטוליעטע ווי קוואָקעס אין אַן ענגער שטייג און האָבן זיך מיט בענקשאַפֿט דערציילט מעשיות פֿון אַמאָליקן לעבן.

די צוויי שוועסטערלעך זייגען געזעסן אויף איין געלעגער. איינע ביים קאָפּ־קישעלע; די צווייטע צופֿוסנס. מיט אַ שטומפּיק לאַגער־מעסער האָבן זיי זיך אויסגעשאָבן דעם טעם פֿון אַ געפּרווירענעם

ריב. די שוועסטערלעך האָבן גערעדט מיט צוויי זינגענדיקע שטי־
מעס. פון צייט־צו־צייט האָבן זיי זיך אפילו הילכיק צעלאַכט. זייער
קלינגענדיק געלעכטער האָט די איבעריקע פרויען אין עפּעס דער־
מאָנט. טייל פרויען האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו די צוויי שוועס־
טערלעך און זיי אָנגעקוקט, ווי זיי וואָלטן געזען אַן אַנדער שטיק
לעבן. עס האָבן דאָ אָבער אויך נישט געפעלט קיין פרויען, וועלכע
האָבן זיך אין דעם „פרייען אָוונט" גענומען צום אויסקרעכצן פאַר
דער גאַנצער צייט.

אויף אַ בעט אינדערנידער איז געלעגן אַ מיידל מיטן פּנים צו
דער „שטובע". האַלטנדיק אין דער האַנט אַ ברענענדיק רויט ליכטל,
וואָס זי האָט זיך געמאַכט אין פאַבריק פון פאַראַפין, האָט זי ווי
פאַר זיך געזונגען רייזענס ליד: „אין קישן באַהאַלט איך מיין פּנים
און וויין..."

בשעת דאָס מיידל האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן זינגען, האָבן כמעט
אַלע פרויען אויפגעריסן די קעפּ און זיך איינגעהערט. עס האָט אויס־
געזען ווי זיי וואָלטן זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז אַ מענטש קען
אויך זינגען... אַ רגע האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס געזאַנג דערהויבט
זייערע נשמות, אָבער באַלד האָבן זיי דערפילט, ווי דאָס ליד טרייסלט
נאָך מער אויף זייער געמיט, רופט אין זכרון אַרויס בילדער פון אַן
אַנדערע וועלט...

ווען דאָס מיידל האָט אויפגעהערט זינגען האָט די שטילקייט
אָנגעהאַלטן אַ לענגערע ווײַלע. די פרויען־בליקן האָבן זיך געווענדעט
צום פענצטער. דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס האָבן זיך אַריינגעריסן
טענער פון מוזיק.

די מוזיק־טענער האָבן רחלען שרעקלעך אויפגערעגט. זי האָט
זיך געוויקלט אויף איר געלעגער ווי אַ שלאַנג. די מוזיק האָט וואָס
אַמאָל אַלץ העכער גענומען אַריינשאַלן.

— לאָמיר אַלע נעמען שרייען געוואַלד! — האָט זיך רחל
פּלוצלונג אויפגעכאַפּט און אויסגערופן.

די פרויען האָבן צו איר אויסגעדרייט זייערע איבערגעשראָקענע קעפּ.

— וואָס הייסט מיר וועלן געמען שרייען געוואַלד, ביסט משוגע געוואָרן ?

— לאָמיר כאָטש שרייען, ווייל מען קען נישט מיט עפּעס אַנ־דערש שטערן זייער ווייגאַכטן ! זאָלן זיי מיינען, אַז ס'איז אויסגע־בראָכן אַ שרפה ! זאָלן זיי זיך דערשרעקן ! זאָלן זיי זיך צעלויפן ווי די מייז ! לאָמיר שרייען ! לאָמיר עפּעס טאָן ! די מוזיק פּייניקט שרעקלעך !... — האָט זיך רחל ווילד אַרומגעקוקט.

עס איז געוואָרן אַזוי שטיל, ווי קיינער וואָלט דאָ מער נישט גע־אָטעמט. די קאַצעטניטשקעס האָבן זיך איבערגעקוקט מיט ברייט־פונאַנדערגעעפנטע אויגן. דערנאָך האָבן זיי איבערגעפירט זייערע בליקן אויף רחלען. זי איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט אַן איינגע־קורטשעטע, ווי צוזאַמענגעבראָכן.

פּלוצלונג איז רחל אַראָפּ פון בעט. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצ־טער מיט האַסטיקע טריט און אַרויסגעקוקט דורך די אָפענע שפּאַ־רונקעס אין לאָדן. די געפּאַנגענע פרויען האָבן זיך עפּעס איבערגע־וווּנקען אויף איר חשבון. אין זייערע אויגן איז געלעגן אַ חשד, צי רחל איז טאַקע נישט משוגע געוואָרן. זיי, די אַלטע קאַצעטניטשקעס האָבן שוין נישט דערפילט איר בענקשאַפט. זיי האָבן שוין נישט פאַרשטאַנען, וואָס אין דעם מיידלס נשמה קומט איצט פאָר.

שטייענדיק ביים פענצטער האָט רחל שיינפעלד אויפגעכאַפּט טאַנצענדיקע טריט, הילכיקע קווויטשערייען, אַ געפּאַטשעריי פון הענט און דעם אָפּקלאַנג פון שטראַום אַ וואַלס. זי האָט גענומען דרייען מיטן קאָפּ אַהין־און־צוריק, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. דער באַראַק איז איר צו ענג געוואָרן. די מוזיק האָט אויפגעוועקט אין איר אַ שטאַרקן באַגער, דווקא איצט, פון ווּעמען געליבט צו ווערן. פאַר אירע אויגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ יונגער בחור, שליאַמעק, דער קאַמאַשן־שטעפּער פון זייער הויף, מיט וועמען זי האָט געפירט אַ ליבע לאַנגע יאָרן. איר דאַכט זיך, אַז אויף דער וועלט איז איצט

זומער. די פענצטער פון זייער הויף זיינען אויפגעפראַלט. זי זיצט ביי איר ניי־מאַשין, שטעפט מיט ליבשאַפט אַ ניי אויבערהעמד פאַר איר שליאַמעקן. און ער זיצט קעגנאיבער, ביים אָפענעם פענצ־טער און שטעפט פאַר איר אויס אַ פּאָר פאַנטאַסטישע כאָלעוועס אויף אַ פּאָר זומער־שיכלעך. און זייערע ביידע בליקן טרעפן זיך צוזאַמען אין דער זומער־לופט און ווערן פאַרוואַנדלט אין איין פלאַם...

מיטאַמאָל שטעלט זיך פאַר אירע אויגן אַוועק אַ האַקנקרייץ... זי זעט זייער הויף באַוואָרפן מיט געפעק, ווי נאָך אַ שרפה. געוואַלטן, געשרייען, קינדערישע געוויינען. מען פירט דעם הויף אין געטאָ אַריין. געוועזענע שונאים בעטן זיך איבער און פאַלן זיך אויף די העלדזער. איר מוטער בעט זיך איבער מיט שליאַמעקס מוטער, וועלכע האָט נישט דערלאָזט צום שידוך, ווייל אין שליאַמעקן האָט זיך געליבט אַ רייכע טאָכטער. שליאַמעק פעלט אויף דער ליסטע. קיינער ווייסט נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. זיין מוטער פאַלט אַרויף אויף רחלס אַקסלען און קושט זי מיט טרערן אין די אויגן...

און שטייענדיק אַזוי פאַרטראַכט איבער איר גורל האָט רחל מיטאַמאָל דערהערט טריט פון דייטשע שטיוול. מיט וואַקלדיקע טריט זיינען אין דער „שטובע" אַריין צוויי וואַכמייסטערס. זיי האָבן גערופן מיט הייזעריקע קולות:

— די שוועסטערן גליקמאַן! אַרישער נאַכשלאַג... קומט מיט אין דער קיך אַריין!

רחל האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער „שטו־בע". זי האָט באַמערקט ווי די צוויי שוועסטערלעך זיינען פאַר־צאַפּלטע פאַר פרייד אַראָפּ פון בעט. און כאַפּנדיק אויף זיך זייערע מאַנטלען און שאַלן, זיינען זיי אַוועק מיט די וואַכמייסטערס, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אין דער לופט אַ ריח פון שנאַפּס.

צווישן די אַלטע קאַצעטניטשקעס איז געוואָרן אַ גערעדעריי:

— אין גיהנום אַפילו, אַז מען איז שיין, קומט עס אויך צונוץ.

— יעניץ מיטאָג װעלן זײ דאָרט באַקומען, די יעקעס האָבן גע־טראָגן שיסלען רײַז מיט אײַנגעקאָכט פלײש, איבערגעדעקט מיט אַן עפּל־קאָמפּאָט.

— הערט אויף! דאָס מויל װאָסערט מיר.

— אױ, דאָס שטיקל מזל!

— װײַבער, לאָזט די צװײ קינדער באַקומען ס'ביסל עסן! אפשר װעלן זײ עפּעס אַרײַנברענגען?

— יאָ! — האָט אַ פרוי פּלוצלונג אַ שװערן זיפץ געטאָן. — איך האָרך זיך אַזױ צו װי ר'זענט אַלע די צװײ יונגע מײדלעך מקנא. הלװאי, טאַטע זיסער אין הימל, זאָל מען זײ דערלעבן צוריק צו זען. די מעשה מיטן נאַכשלאַג איז מיר פאַרדעכטיק...

עס איז געװאָרן אַזױ שטיל, װי דער פרוים רײד װאָלטן בײַ אַלע־מען אָפּגענומען דאָס לשון.

רחל איז אַ רגע געבליבן שטײן מיט אױפגעריסענע בליקן. דער־נאָך האָט זי דערפילט אַ שױדער, װי אַ קעלט װאָלט איר אַדורך איבער די בײנער. אַן אױפגערײצטע איז זי צוגעגאַנגען צו איר בעט, אַרױפגעצױגן זיך צו איר „קױקע" און זיך געלײגט שלאָפן. באַלד איז דאָס אײנציקע לעמפּל אױסגעלאָשן געװאָרן און די נאַכט איז פאַר די געפּאַנגענע געװאָרן נאָך שװאַרצער.

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך רחל שײנפעלד האַסטיק אױפגעכאַפּט. איר קורצער שלאָף איז פול געװען מיט קאָשמאַרן. זי איז איצטער געװען אױפגעטרײסלט פון דעם, װאָס זי האָט איבער־געלעבט אין חלום. דער ערשטער געדאַנק, װאָס האָט אױפגעבליצט אין איר מוח, האָט זי דערמאָנט אין די צװײ אַרױסגעפירטע שװעס־טערלעך. זי איז מיט אַמאָל באַהערשט געװאָרן פון אַן אומרו. און נישט לאַנג טראַכטנדיק איז זי אַראָפּ פון בעט און אין דער פינצטער אַרױפגעקלעטערט אױפן אױבערשטן געלעגער פון אײן שװעסטער. זי האָט אַרומגענישטערט און מיט אַ ציטער אָנגעטאַפּט אַ לײדיקע קאָלדרע... זי האָט באַרירט די ריב, װאָס די שװעסטערלעך האָבן זי געהאַלטן אינמיטן אױסשאָבן. זי האָט זיך אַזױ שטאַרק איבער־

גענומען מיטן גורל פון די צוויי מיידלעך, אַז זי האָט נישט געקענט פועלן ביי זיך אָפּצובייסן אַ שטיקל ריב. איז זי צוריק אַראָפּ פונעם געלעגער, מיט אַ פאַרצאַפּלטן אָטעם זיך אָנגעטאָן און אַרויס פון באַראַק.

דער הימל האָט אויסגעזען ווי אַ פייכט שטיק קאַרבירטער פאַר־מעט. די ערד האָט געפינקלט מיט שניי־פּערל. אַרום איז געווען שטיל. די אויסגעלאָשענע באַראַקן האָבן אויסגעזען ווי גרויסע מצבות אויף אַ בית־עולם. בלויז פון „יענעם" באַראַק האָבן זיך נאָך אַלץ דערטראָגן טאַנצנדיקע טריט און הירזשענדיקע קולות. די מוזיק האָט אַזוי הילכיק געשאַלט, ווי זייערע פענצטער וואָלטן געווען אָפן.

רחל האָט אָפּגעשטעלט איר האַסטיקן גאַנג. געבליבן שטיין אומ־באַהאָלפן און איבערגעשראָקן, ווי זי וואָלט זיך געפּרעגט ווּהין זי גייט. זי האָט געפילט, אַז זוכן דאַרף זי די צוויי שוועסטערלעך נאָענט פון דער קאָמענדאַנטור־געביידע. און ווי פון אַ געהיימען כוח גע־טריבן, האָט זי ווידער גענומען שפּאַנען האַסטיקער. אירע טריט האָבן מיט אַ גענגרילץ כסדר געבראָכן דעם פאַרהאַרטעוועטן שניי־שיכט, ווי זי וואָלט געטרעטן אויף גלאָז. פּלוצלונג אַזוי גייענדיק, האָט זיך פון אַ האַלב־אויסגעלאָשענעם באַראַק אַרויסגעריסן אַ כאָרכלדיקער אויסגעשריי :

— מער־דער ! גז־ל־נים !...

זי האָט אויפגעציטערט און איז נאָכגעגאַנגען לויטן קול. זי איז צוגעקומען צו דער „קראַנקן־שטובע". דאָס צימער איז געווען אָנ־געפולט מיט שרעקעוודיקע שאָטנס. פון די שאָטנס האָבן זיך קוים־קוים אַרויסגעשניטן די בעטלעך. דערשטיקטע זיפצן האָבן אָנגעפולט דעם חלל. אַן אומדערטרעגלעכער ריח האָט זיך שאַרף געשפּירט אין דער לופט. צעשיטע שטרוי־זעק זיינען געלעגן אין דער זייט. אויפגעטרענטע קאָפּ־קישעלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויפן באָדן. אַ קליינטשיק לעמפּעלע האָט דאָ געברענט און בלאַסלעך באַלויכטן אַ רונדיקן פלעק אויפן הילצערנעם סופיט. די „קראַנקן־שטובע" איז איצטער געשטאַנען אָפן און הפקר.

רחל איז מיט לאַנגזאַמע, איבערגעשראָקענע טריט צוגעגאַנגען צום ערשטן בעטל. זי האָט באַרירט אַ פּאָר קאַלטע פיס און אויפגעציטערט. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן בעטל, איינגעהאָרכט זיך אינעם אָטעם, ווי זי וואָלט שטומערהייט דעם קאָפּ עפּעס געפרעגט, דער אָטעם האָט נישט געענטפערט, אפילו מיטן מינדסטן הויך. דאָס אומבאַקאַנטע פרויען־געשטאַלט איז פאַר רחל׳ס אויגן געלעגן אומבאַוועגלעך און שטום. פון דער אַרומיקער טונקלקייט האָבן אַרויסגעפינקלט צוויי אויגן־ווייסלען...

— טויט !... — האָט רחל אַריינגערעדט אין דער שטילקייט און איז מיט גרויסע שפרייזן אַרויס פון דער „קראַנק־שטובע“.

אַ ווײַלע האָט זי ממש געגומען לויפן, נאָר בעת דאָס בראַזגערייַ פון אירע טריט האָט געגומען אָפּהילכן אין אירע אויערן, האָט זי זיך איבערגעשראָקן און פאַרלאַנגזאַמערט איר גאַנג. און דווקא דעמאָלט, ווען די צוויי אויגן־ווייסלען פון דער טויטער פרוי האָבן נאָכאַמאָל אויפגעטויכט פאַר אירע בליקן, האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן שפּילן אַ נייעם טאַנץ. זי איז געגאַנגען אַן אויפגערייצטע און מיט אויפגעצאַפּלטע בליקן זיך איינגעקוקט אין די באַלויכטענע נאַצי־געביידעס. ביים טויער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, מיינענדיק, אַז אויך איצטער שטייט דאָ אַ וואַכמייסטער. איר האָט זיך אויסגעוויזן צו זען דעם שאָטן פון אַ ביקס אויפן שניי. זי האָט זיך אָבער גוט אַרומגעקוקט און באַמערקנדיק, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אויסדאַכטעניש, האָט זי אַריינגעשפּאַנט אין דייטשן לאַגער.

איר האַרץ האָט פונדעסטוועגן אָנגעהויבן צאַפּלען אין איר. זי האָט זיך אַליין נישט געקענט דערקלערן וועלכער כוח טרייבט זי דאָ אַהער. און שלייכנדיק זיך אַזוי טראָט ביי טראָט אויפן ראַנד צווישן צוויי וועלטן — איינע אַ שווייגענדיקע, ווי אַ פינצטערער בית־עולם; די צווייטע — אַ צעהוליעטע און צעווילדעוועטע, באַגלייט מיט מוזיק, האָט זי זיך געפילט ממש ווי צעריסן אין צווייען...

פאַרבייגייענדיק די „וואַך־שטובע“ איז איר איינגעפאַלן, אַז איצטער וואָלט מען געקענט גנבענען געווער. די „וואַך־שטובע“, אַ באַ־

לויכטענע, איז פון קיינעם נישט געווען באַוואַכט. הגם דער געדאַנק צו גנבענען געווער האָט זי שטאַרק איבערגעשראָקן, האָט זי פונ־דעסטוועגן דערפילט, ווי דער בלויזער געדאַנק קרעפטיקט זי און זאָגט איר עפּעס צו אומבאַשטימטעס... זי האָט געפילט ווי מיט־אַמאָל נעמט זי אַרום אַ געוואַלטיקע ליבשאַפט צו די צוויי שוועס־טערלעך, וואָס זי זוכט אַרום אין יעדן פאַרבאָרגענעם ווינקעלע. און פון דער ליבע צו די צוויי אומבאַקאַנטע מיידלעך ווערט איר בעסער אויף דער נשמה.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי זיך אַלץ טיפער אַריינגע־שניטן אין דייטשן לאַגער. איר לויערנדיקער בליק איז אומעטום אַריינגעדרונגען. זי האָט זיך אומגעקוקט ווי ווייט זי איז שוין אָפּ־געגאַנגען פון איר בלאָק. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער וועג צוריק איז שוין פאַר איר אויף אייביק אָפּגעשניטן. זי האָט מיט איר בליק אַריבערגעשוועבט די שטעכל־דראָטן, אָנגעשטרענגט איר געהער עפּעס אויפצוכאַפּן פון „יענער זייט". איר האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז „יענע שטילקייט" איבער די שטעכל־דראָטן טראָגט עפּעס אין זיך אַ סוד, אַ צוזאָג, אַז די נאַצישע ממשלה וועט פאַרשווונדן צוזאַמען מיט דער נאַכט... און טראַכטנדיק אַזוי, האָט זי נאָך טיפער געטוליעט אין זיך דעם וואַרעמען ליבע־געפיל צו די צוויי שוועס־טערלעך.

ביים האַלץ־קעמערל פון דער דייטשער קיך האָבן זיך אירע פיס אַליין אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך נישט געקענט דערקלערן, פאַרוואָס זי איז גראָד דאָ געבליבן שטיין. אָבער באַלד האָט זי אַ צאַפּל גע־טאָן, זיך איינגעקאָרטשעט און אַרויסגעלאָזט אַ שווערן אָטעם־הויך, ענלעך צו אַ געשריי פון אַ שטומער צונג...

צווישן שייבעס האָלץ האָט איר אַ שלאָג געטאָן איבערן מוח די טויטן־מאַסקעס פון די צוויי שוועסטערלעך. די אין בלוט געפלעקטע קליידער אויף זייערע לייבער — צעפליקט אין פאַסן. ביי איינע זיינען נאָך די אויגן געווען אָפן, ווי זיי וואָלטן טויטערהייט אַפילו

אויסגעקוקט אַ הילף. אויף אירע ליפּן — אַ פאַרגליווערטער אויס־געשריי...

פון דער צווייטערס אויסגעקרומט, קליין מיילעכל האָט זיך געצויגן אַ דין שנירעלע בלוט ביז אין האַלדז אַריין. אויף ביידע, האַלב־נאַקעטע קערפּערס — שוואַרץ־בלויע פרעגנגעס פון נאַגייקעס. אַן אויסגעהוילטער מיידלשער האָלץ־שיך איז געבליבן שטיין אינ־מיטן הויף...

ווי אונטערגעזעגט האָט זיך רחל אַראָפּגעלאָזט פאַר די צוויי טויטע מיידלעך. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט זי לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם, פאַרמאַכט דעם מיידלס אָפענע אויגן. אַן אינערלעך געוויין האָט זיך געשטיקט אין איר האַלדז. דאָס וואָרט, וואָס זי האָט גע־וואָלט אַרויסרייסן פון זיך האָט געוואָרגן איר קעל...

— איך שווער דאָ ביי אייערע טויטע קערפּערס, אַז כ'וועל קיינ־מאָל דאָס נישט פאַרגעסן... — האָט איר האַלדז געשלונגגען טרערן.

אַ רגע האָט זי געוואָרפן איר קאָפּ אין די הענט, און באַלד דער־נאָך — ווילד אויפגעשפּרונגען. ערשט ביים אַוועקגיין איז אין איר אויפגעגאַנגען דער גאַנצער שוידער, וואָס די טויטע צוויי מיידלעך האָבן פון איר אַרויסגעשלעפּט...

זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ מוראדיקן אויסגעשריי. און ווי אויפגעציטערט פון איר אייגן קול, האָט זי ווילד גענומען לויפן, לויפן...

אינמיטן געלויף האָט זיך דער הימל אָנגעהויבן שטרייפן מיט אומענדלעך־לאַנגע שיין־וואַרפערס. פון ערגעץ־ווייט האָט זיך דער־טראָגן אַ גערויש. אין אירע אויערן האָט אָפּגעשלאָגן דער אָפּהילך פון אַן אויפרייס. ערגעץ־ווו איז דער הימל מיטאַמאָל שוואַרץ גע־וואָרן פון פאַסמעס רויך און אַ פלאַמיקע־צונג האָט אַ לעק געטאָן אַ שטיק וואָלקן.

זי האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט, אַרויפגעריסן דעם קאָפּ צום הימל און זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט...

— אפשר ?... — האָט זי זיך איינגעהאָרכט ווי זייערע טעניץ און מוזיק האָבן זיך האַסטיק איבערגעריסן.

אין איר האַרץ האָט אויפגעוואַכט אַ ניי געפיל. מיט לאַנגזאַמערע טריט איז זי צוריקגעגאַנגען אין באַראַק אַריין. אַוועקזעצנדיק זיך ביים טיש מיט די הענט געקרייצט אויף ביידע אַקסלען, האָט זי נאָכאַנאַנד געבליקט צו די געלעגערס פון די צוויי שוועסטערלעך. איר האָט זיך געדאַכט, אַז די צוויי צעקנוידערטע, שוואַרצע־קאָלדערעס, אָטעמען נאָך...

די טויטן־מאַסקעס פון די צוויי מיידלעך האָבן צו איר געקוקט פון אַלע ווינקלעך...

ווידער האָט אַן אויפרייס געמאַכט ציטערן די שויבן.

רחל איז אויפגעשפרונגען.

„יאָ. עפּעס דערנענטערט זיך...“

מיטאַמאָל איז אין איר אויפגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז פון דער אַמוניציע־פאַבריק, ווו זי אַרבעט פאַר זיי, קען מען אַרויסשמוגלען גראַנאַטן...

עס האָט זי אַ טראָג געטאָן צום פענצטער. בליקנדיק צום הימל, האָט זי, אויפן מזרח־ראַנד, באַמערקט העלע פלעקן. און שטייענדיק אַזוי, האָט זי זיך געפילט ווי אַריינגעוועבט אין דעם נייעם אויפגייענדיקן טאָג...

# צוויי געפֿאַנגענע

אַ שטעכיקער שניי, געיאָגט פֿון אַ פֿייפֿנדיקן ווינט, איז מיט
רוגזה באַפֿאַלן די ערד. די פֿעלדער זיינען געלעגן איבערגעדעקטע
מיט דיקע שניי־שיכטן, ערטערווייז געלעכערט פֿון קראָען־פֿיס. פֿון
די אַרומיקע וועלדער האָט זיך דערטראָגן אַן אויסטערליש געוואָי,
ווי אַ סטאַדע הונגעריקע וועלף וואָלטן זיך אין דער טיפֿקייט פֿון
וואַלד צעברומט.

אויף אַ באַן־ליניע — אַ לאַנגע ריי פֿון יידישע געפֿאַנגענע, אַרויס־
גענומענע פֿון שכנותדיקן „קאַצעט“ אָפּצורייניקן דעם שניי. צענד־
ליקער אָנגעלאָדענע לאַסט־וואַגאָנען זיינען געשטאַנען פֿאַרלאָזטע,
האַלב־פֿאַרזונקענע אין די שניי־טאָלן. די וואַכמייסטערס, וואָס האָבן
געהיטן די געפֿאַנגענע, האָבן זיך אין די וואָקזאַל־טירן באַהאַלטן
פֿאַרן שטורעם.

אַ טייל געפֿאַנגענע, מיט שופֿלעס אין די הענט, זיינען געשטאַ־
נען איינגעקאָרטשעטע, אומבאַוועגלעכע, ווי „סטראַשידלעס“ אויף
פֿעלדער. אַנדערע האָבן זיך באַוועגן, כדי זיך צו דערוואַרעמען. אַ
יינגל אין אַ קאַסקעט, פֿאַרשיפּט צום לינקן אויער, איז אַרומגעקראָכן
אויף די וואַגאָנען און געזוכט קאַרטאָפֿל... אַ האָלענדישער ייד, מיט
אַן אויסגעצויגענעם האַלדז, האָט מיט אַ לאַנגער־מעסער אַרויסגע־
קראַצט צעקוועטשטע מייערן פֿון די וואַגאָנען־שפּאַלטן. יידישע
קולות האָבן אויפֿגעלעבט די אָפּגעשטאָרבענע באַן־סטאַציע. וואָלקנ־

דלעך פּאַרע פון הונדערטער מײַלער האָבן אַרײַנגעדעכעט אין דער לופט. אַ גאַנצן טאָג איז געווען אַ געלויף אַהין און אַהער. קיינער האָט נישט געקענט דערשטיין אין זײַנע אַדורכגענעצטע, אײַז־קאַלטע אָניצעס. פון די וואַגאָנען האָבן הענט אָפּגעבראָכן אײַז־ליכטלעך און זיי געגאַגט... יעדעס אַרויסגעזאָגטע וואָרט איז אויסגעהוסט געוואָרן פון קראַנקע לונגען. די זעלבע מײַלער, וואָס האָבן געשפּיגן מיט בלוט אין שניי אַרײַן, האָבן אָן אויפהער געגאָגט די אײַז־ליכטלעך און זיך געקוויקט... האָט מען ערגעץ־ווו אויפגעגראָבן אַ שטיקל שינע, איז געוואָרן אַ געלויף. אָבער באַלד איז דאָס שטיקל באַן־ליניע ווידער פאַרשיט געוואָרן. דער ווינט האָט אַראָפּגעבלאָזן פון די פעלדער אַ דינעם שיכט שניי, וואָס האָט זיך געהויבן און געפאַלן צעפלאָשעט, ווי אַ ים וואָלט אָנגעיאָגט שוימיקע כוואַליעס.

די געפאַנגענע זײַנען אַ ווײַלע געבליבן שטיין אָפּהענטיקע, אומבאַהאָלפענע. זיי האָבן זיך אײַנגעקוקט אין דעם שניי־געווירבל. אײַנגעהערט זיך אינעם געפײַף פון ווינט. זיי האָבן באַנומען, אַז די אַרבעט איז אַן אומזיניקע. אָבער די מורא פאַר די וואַכמײַסטערס און די קעלט, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען אין זייערע אויסגעמאַטערטע ביינער האָט זיי ווידער באַוועגן.

יאָסל רודניצקי, אַן אַרבעטער פון אַ פּויליש שטעטל, האָט זײַן שופלע אַרײַנגעשטאָכן אין שניי, אויסגעשפּיגן, אַרויפגעשטעלט זײַן רעכטן פוס אויף זײַן שניי־רייניקער. אַ ווײַלע זיך געהויכט אין די הענט אַרײַן, אַרײַנגעקוקט זײַן שכן אין די פאַרשנייטע אויגן און געפרעגט:

— כ׳בעט דיך, ד״ר מאַצנער, וועט זיך געפינען אַ קינסטלער אויף דער וועלט, וואָס וועט זײַן אימשטאַנד אונדזער לעבן צו שילדערן?

— ווען מען אינטערעסירט דאָס? איך בין שוין אַ טויטער.

— אַ פאַרשאָלטענער לאַגער ביי אונדז. אין מײַן פאַריקן לאַגער האָט מען געפירט אַן אונטערערדישע אַרבעט. טײַלמאָל עפּעס אויפ־

געטאָן אויך. דאָס האָט אונדז מאָראַליש דערהויבן צום לעבן. דאָ — גאָרנישט. מען שטאַרבט שווייגנדיק.

— האָסט נאָך כוח, קעמף.

— איך האָב נישט מער כוח ווי די אַנדערע. איך שטיי שוין אויך אָפּ. נאָר עפּעס איז אין מיר פאַראַן, וואָס טראָגט מיך נאָך אַרום אויף די פיס.

— איך האָב ס'מייניקע געמאַכט. אַז איך האָב געקענט אויס־טוישן מיין וואַרעמע אַמבולאַטאָריע, מיין ריינע וועש אויף דעם הינטישן לעבן, בלויז דערפאַר, וואָס כ'האָב זיך אָפּגעזאָגט צו שלאָגן קראַנקע, בין איך נאָך דעמאָלט געווען אַ מענטש. אין איצטיקן מאָ־מענט, וואָלט איך דאָס אויך נישט געקענט.

עס איז געוואָרן אַ געברום צווישן די געפאַנגענע. איבערגעשראָ־קענע קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט און באַמערקט אַ דייטשן וואַכ־מייסטער לויפן מיט האַסטיקע, בראַזגענדיקע טריט. אַ קאָלבע האָט אַריינגעפּויקט איןביינער. קלעפּ און קולות האָבן אָפּגעהילכט אין דער לופט, פאַרטויבט געוואָרן אין געפייף פון ווינט.

— נו, לוינט זיך עלטער צו ווערן מיט אַ געבויגענעם רוקן פאַר דער דייטשער קאָלבע ? — האָט רודניצקי געזאָגט מיט פאַרביטע־רונג.

— אויב כ'וויל מיר איינשפּאָרן די קאָלבע, מוז איך מיר זוכן אַ צווייטן שכן. — האָט ד"ר מאַצנער געענטפערט און אַנטלאָפן מיט שרעק.

רודניצקי איז געבליבן שטיין אָנגעלענט אויף דער שופלע, נאָכ־געקוקט מאַצנערן און זיך פאַרטראַכט...

פּלוצלינג האָט זיך פון שאָסיי דערטראָגן אַ גערויש פון אַ דורכ־פאָרנדיקן לאַסט־אויטאָמאָביל. די געפאַנגענע האָבן אַרויסגעהויבן די קעפּ פון זייערע טראַנשעס. דאָס גערויש, וואָס האָט זיי דערמאָנט אין אַן אַנדערער וועלט, האָט אָנגעצונדן אַ פונק אין זייערע אויס־געלאָשענע בליקן... מיט די אויגן פון הונגער האָבן זיי דערזען אַ מיליטערישן שאָפער פירן אַ לאַסט־אויטאָמאָביל, וואָס גליטשט זיך

מיט שווערקייטן איבערן שאָסיי. די מאַשין סאָפּעט, ווי עס וואָלט איר אויסגעפּעלט כוחות און בלייבט שטיין.

דער שאָפער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געזעס, זיך אַרומגע־קוקט, ווי ער וואָלט ביי וועמען געזוכט הילף. אַ דערפרייטער האָט ער באַמערקט די ווייסע שרעגנגע יידן אויף דער באַן־ליניע.

— הער קאָמאַנדאָ־פירער, צען מאַן מיט שופלעס! — האָט דער שאָפער אַריינגעשריגן אין זיינע הענט.

איידער נאָך דער קאָמאַנדאָ־פירער האָט דערהערט, איז צווישן די יידן געוואָרן אַ באַוועגונג. דער הונגער האָט אויפגעוועקט אַ האָפענונג, אַז די אַרבעט קען זיך ענדיקן מיט עפּעס אַ צוגעוואָרפע־נעם ביסן. האָבן כמעט אַלע געפּאַנגענע געכאַפּט די שופלעס אויף די אַקסלען און געוואַרט אויף דער דערלויבעניש אַוועקצושפּאַנען. עס איז געוואָרן אַ געשטויס צום אויסגעטראָטענעם סטעזשקעלע. דאָ און דאָרט איז שוין אויסגעבראָכן אַ מחלוקת.

— בערעק, וואָס לויפסטו מיט דיינע געשוואָלענע פיס ?

— האָסטו דאָך אַ געשוואָלן פּנים.

— און דו האָסט דאָך צוויי ראַנעס אויך.

— שאַ, עס פעלט קיינעם נישט קיין מכות.

צוויי וואַכמייסטערס זיינען אָנגעקומען. זייער סקריפּען מיט די שטיוול, האָט איינגעשטילט דעם עולם.

די צוויי וואַכמייסטערס זיינען געווען גוט אָנגעפּעלצט; פונדעסט־וועגן זיינען זיי פויל געווען אַרויסצונעמען די הענט פון די טאַשן, נאָר לויט אַ קאָפּע פון אַ שטיוול, האָט יעדער פּאַרשטאַנען, ווער עס איז געוואָרן אויסגעקליבן צו זיין איינער פון די צען „גליקלעכע“.

די צען אויסגעקליבענע, באַגלייט פון צוויי וואַכמייסטערס, זיינען אַוועק צום שאָסיי. די איבעריקע זיינען געבליבן שטיין און נאָכגע־קוקט מיט קנאה. אין גרעסטן שניי־געווירבל האָבן זיי בולט אַרויס־געזען די צען שופלעס זיך הוידן אויף אַקסלען אַלץ נאָענטער צום שאָסיי.

— מען דאַרף האָבן מזל... — האָט איינער אַרויסגערעדט.

צוקומענדיק צום אויטאָמאָביל, האָט דער שאָפער אַרויסגענומען אַ קעסטעלע אַש און באַפוילן:

— אונטערשיטן די רעדער מיט אַש און שטופן דעם וואָגן, נאָר אַזוי ריכטיק, פוילע קריפּלען!

די יידן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָר באַמערקנדיק ווי דער שאָפער כאַפּט דערווייל אַ שמועס מיט די וואַכמייסטערס, האָט איין געפאַנגענער אָפּגעשטעלט די הענט, אויסגעשפּיגן און געפרעגט שטיל:

— חברה, וואָס קען דאָ ליגן אויפן וואָגן?

ווי ביי הונגעריקע וועלף האָבן זיך אויגן צעבליצט...

ד"ר מאצנער האָט דער ערשטער אָנגעלענט די שופלע אויף זיין שכנס בויך און מיט אַ שפּרונג פון אַ קאַץ, איז ער שוין געהאנגען אויפן הינטער־פליגל פון אויטאָמאָביל. די איבעריקע אויגן האָבן געזען, ווי נעגל שטעכן זיך שאַרף אַריין אין אַ לאַנג מיליטעריש ברויט. הענט רייסן אויף אַ בוזעם און פאַרשטעקן אַ ברויט אין צע־פליקטע טראַנטעס. אַ קאַצעטניק שפּרינגט אַראָפּ פון וואָגן און ציט איין זיין דיק־געוואָרענעם בויך מיט אַ שטריק.

מיט צעעפנטע מיילער און אויסגעשפּיזטע אויגן זיינען די איב־ריקע געבליבן שטיין. קיינער האָט מער נישט געקענט אַ ריר טאָן מיט קיין אבר.

— מיר וועלן זיין שותפים. — האָט איינער שטיל אַרויסגע־פליסטערט.

— אידיאָטן, עס איז דאָ אַ גאַנצער וואָגן ברויט. — האָט ד"ר מאצנער זיך געדרייט, ווי דער שניי וואָלט אים געברענט די פיס.

יעדער האָט זיך אַ ריס געטאָן צום וואָגן און געבליבן שטיין פאַר שרעק.

דער שאָפער האָט אָנגעשיט טאַבאַק אין די וואַכמייסטערס לול־קעס. די יעקעס האָבן זיך געוויצלט און איבער זייערע פעלצן, האָריק ווי חיהשע־פעל, זיינען הונגעריקע בליקן געקראָכן, ווי זיי געוואָלט אַרויסציען די שיין פון די אויגן...

ד"ר מאַצנערן האָט דאָס ברויט שוין נישט געלאָזט וואַרטן קיין רגע. ער איז צוגעשפּרונגען און געמאָלדן:

— פאַרטיק!

— איז פאַרשיבן דעם וואָגן!

ביים שטופּן דעם וואָגן, בעת די וואַכמייסטערס מיטן שאָפער האָבן צוגעלייגט זייערע העגטשקעס, האָבן זיך די געפאַנגענע כסדר גע־טוישט מיט די ערטער, יעדער האָט געזוכט אויסצוקומען פון הינטן און קענען אַראָפּכאַפּן אַ ברויט. דער איינציקער, וואָס האָט זיך נישט באַזאָרגט קיין ברויט איז געווען רודניצקי. זיינע אויגן האָבן גראָד אין דער מינוט, וואָס זיינע חברים האָבן געכאַפּט ברויט, באַ־מערקט אַ דייטשע צייטונג אַרויסשטאַרן פון אַ וואַכמייסטערס פּעלצל. רודניצקי האָט אויפגעכאַפּט: „ריקצוג". עס האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן מישן אין זיין מוח...

— ווימענס ריקצוג?

אַ פרייד און אַ שרעק האָט זיך געהויבן און געפאַלן אין זיין ברוסט...

ער איז פאַרזיכטיק נאָכגעקראָכן דעם וואַכמייסטער. נאָכגע־פאָלגט זיין יעדע באַוועגונג...

דאָס אַוועקשטופּן דעם וואָגן האָט פאַרנומען אַ היפּש ביסל מי־נוטן. ד"ר מאַצנערן האָט דאָס ברויט נישט געלאָזט איינגרויען. מיט די נעגל איז ער זיך אַריינגעקראָכן אין בוזעם, אַרויסגעקניפּט אַ שטיקל ברויט און עס געגומען קייען. קייענדיק דעם ביסן ברויט, האָט ד"ר מאַצנער פאַרגעסן אין דעם גאַנצן אַרום. ער האָט שוין מער נישט געקענט באַהערשן זיינע הענט. זיינע פינגער, ווי פינף אויסגעהונגערטע חיהלעך, האָבן זיך כסדר געגראָבן אינעם ברויט, צוגעטראָגן די קרישקעס צום מויל, ביז אַ וואַכמייסטערס אויג איז געפאַלן אויף זיינע קייענדיקע באַקן.

— האַלט! — האָט אַ דייטשע שטימע אַ הילך געטאָן. — די קריפּלען האָבן זיך באַזאָרגט מיט ברויט, אונטערזוכן די שווייַנען!

ד"ר מאַצנערן האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ... ער האָט

גענומען ווילד לויפן פאָרויס און צוריק. ער האָט זיך אַליין אַריינ־געוואָרפן אין די הויכע הורבעס שניי ביים רינשטאָק. ער האָט אַרויס־געריסן דאָס ברויט פון בוזעם און עס געוואָלט באַגראָבן, נאָר אַ וואַכמייסטער האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט.

— דו פאַלשער דאָקטער! דו קינדער־אָפּטרייבער, ברויט וואָס גייט פאַר דער אַרישער קיך ווילסטו באַגראָבן!

די יעקעס האָבן זיך אַראָפּגעשלעפּט די הענטשקעס. דערנאָך האָט ד"ר מאַצנער אָפּגעריסן אַ פּאַס פון זיינע בגדים און זיך אָפּ־געווישט דאָס בלוט...

רודניצקי איז געשטאַנען דער לעצטער אין דערריי און זיך נערוועז געביסן אַ נאָגל. ער האָט געזען, ווי מען זוכט שטרענג און איז געווען זיכער, אַז מען וועט ביי אים די צייטונג געפונען. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מוט די צייטונג צוריק אַרויסצוואַרפן.

— אפשר רעדט זיך דאָרט פון אַ דייטשער מפּלה און אַ זיג פון די, וואָס קעמפן פאַר אַלע אונטערדריקטע? — האָט אַ געדאַנק זיך שאַרף איינגעשניטן אין זיין מוח.

מען האָט ביי קיינעם גאָרנישט געפונען. נאָר באַרירנדיק רודניצ־קיס מלבושים האָט עפּעס אַ שאָרך־געטאָן... מען האָט אים פון די הויזן אויפגעבונדן די שטריקלעך און אַרויסגעשלעפּט די צייטונג.

די יידן האָבן זיך אַ וויג געטאָן. די יעקעס האָבן זיך צופרידן געקלאַפּט איבער די פּלייצעס.

— נו, דעם קריפּל דאַרף מען שוין נישט שלאָגן, ער איז טויט. — האָט איין וואַכמייסטער אַרויסגעשטשירעט די ציינער.

— אויפשרייבן די נומערן און מעלדן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט! די האָבן אַלע ברויט געהאַט און עס צוריקגעוואָרפן אויפן וואָגן. — האָט דער שאָפער אַ בורטשע־געטאָן.

דער לאַסט־אויטאָמאָביל איז אַוועק, איבערלאָזנדיק אַ רויכל און אַן איבלדיקן ריח.

ביים צוריקקערן זיך צו דער באַן־ליניע זיינען די אַנדערע יידן באַפאַלן די צען „גליקלעכע".

— איר האָט עפּעס מיטגעבראַכט ? !

— אַ טויטשרעק !...

איינער האָט דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען. דאָס וואָרט „ברויט" האָט ביי אַלע געפאַנגענע צעצונדן די אויגן. נאָר הערנדיק, אַז מען האָט אויפגעשריבן די נומערן, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן...

איינציקווייז האָט זיך דער טאָג אַוועקגערוקט. אַרום איז געוואָרן טונקעלער. די פאַרהאַרטעוועטע שנייעלעך האָבן אָנגעהויבן פינקלען. רודניצקי איז געשטאַנען אַ נידערגעשלאָגענער. ער האָט געהערט, ווי די „קאַפּאָס" פרעגן ביי וועמען מען האָט געפונען די צייטונג און מען ווייזט אָן אויף אים. זעענדיק, אַז די „קאַפּאָס" קומען אים נישט שלאָגן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מיט אים איז געענדיקט. ער האָט מיט אַלע וואַכנדיקע חושים באַנומען דעם אומזין פון זיין טאַט; פונדעסטוועגן האָט ער געפילט, אַז עפּעס־וואָס פּילט אים אָן מיט אַן אינערלעכן שטאָלץ.

קעגנאיבער רודניצקין איז געשטאַנען ד"ר מאַצנער אַן איינגע־קאָרטשעטער. די שרעק האָט איינגעשלונגען זיין הונגער. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט באַלד דאַרפן שטיין פאַרן לאַגער־קאָמענ־דאַנט, ווי אַ באַשולדיקטער אין גנבענען אַ ברויט. ער האָט געפילט אַזאַ ווייטיק אין מוח, ווי דער שאַרבן זיינער וואָלט געוועז צע־שפּאָלטן.

פּלוצלונג האָט ד"ר מאַצנער באַמערקט, ווי דער וואַכמייסטער, וואָס האָט אויפגעשריבן די נומערן, רוקט זיך אַרויס פונעם וואָקזאַל. ער הייבט אָן שפּאַנען אַרויף־און־אַראָפּ. ציגדט אָן זיין לולקע מיט אַ גרויסן פלאַם, פאַרויכערט, פאַרהוסט זיך און שפּאַנט ווייטער.

ד"ר מאַצנער האָט אַ לענגערע ווײַלע נאָכגעקוקט דעם וואַכמיי־סטער. אין זיין גאַנג האָט ער געוואָלט זען אַן אומצופרידנקייט. בעת דער וואַכמייסטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך פאַרקוקט צום הימל מיט אַ פּאָר פאַרשנייטע וויעס, האָט זיך מאַצנערן אויסגעוויזן, אַז אין דער רגע טאַקע איז דעם סאָלדאַט באַפאַלן אַ בענקשאַפט. און איצטער וועט אים לייכט זיין איינצונעמען.

ד"ר מאַצנער האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט, אומגעוואָרפן אין זיין האַסטיקן געלויף עטלעכע חברים און אַוועק צום וואַכמיי־סטער.

— אַרויסטרעטן ? — האָט דער וואַכמייסטער געפרעגט.

— ניין, הער וואַכמייסטער, איך וויל עפּעס בעטן.

— בעטן ? — האָט דער וואַכמייסטער זיך גאָווהדיק אָנגעבלאָזן, ווי דעם יידם ציטערדיקע קניען, וואָלטן אים דערמאַנט, אַז ער איז אַ הערשער.

— הער וואַכמייסטער, איר ווייסט דאָך, אַז אַזאַ מענטש ווי איך האָב אייך אַלעמאָל געבראַנגט נוצן מיט מיין מעדיצינישער פּראָפעסיע. פאַרוואָס זאָלט איר זיין פאַראינטערעסירט מיך אומצו־ברענגען ?

— וואָס ווילסטו ?

— אויסשטרייכן מיין נומער אין אייער נאָטיץ־ביכל.

— האַ... אויסשטרייכן ? ווילסט גנבענען אַריש ברויט און נישט זיין באַשטראָפט ?

— איך האָב שוין מיין שטראָף באַקומען.

— ווי אַזוי ?

— הער וואַכמייסטער, דער טייוול אַליין וואָלט דאָך פאַר מיר נישט געקענט אויסקלערן קיין שאַרפערע שטראָף. ווייסט איר דען נישט, וואָס עס הייסט פאַר אַ הונגעריקן קאַצעטניק האָבן אַ גאַנץ ברויט און עס מוזן צוריקגעבן ?...

דער וואַכמייסטער האָט זיך אויפגעשאַרצט דעם באַשליק, וואָס האָט פאַרשטעלט זיין פּרצוף, אַ מינוט געקוקט אויף ד"ר מאַצנער און בייז אַרויסגעברומט :

— פאַרשווינד, מענטש ! — און אַ קאָפּע פון אַ שטיוול האָט באַגלייט זיין באַפעל.

ביים צוריקגיין אין לאַגער, האָט דער שנייי אויפגעהערט, נאָר דער שטורעם־ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער הימל איז שוין גע־

ווען נאַכטלער־גרוי, די אַרומיקע שניי־בערג אָבער, האָבן אַריינגע־גאָסן אין זיין נאַכטלעכער גרויקייט, אַ בלענענדיקן אָפּשיין.

אַ מינוט האָט דער ווינט אויפגעהערט פייפן און באַלד האָט ער זיך מיט נאָך מער קראַפט צעוואָיעט. פון די פעלדער זיינען גאַנצע כוואַליעס שניי אָנגעשווומען צום שאָסיי מיט אַ געברום. די ביימער האָבן די קרוינען־קעפּ געבויגן צו די שטאַמען, די צווייגן האָבן גע־צאַפּלט אין דער לופט. אָט האָט אַ יונג בוימל געקראַכט און גע־בליבן שטיין אָן קאָפּ, מיט אַ ווייסן אויפגעשיילטן האַלדז־ביין. די טעלעפאָן־דראָטן האָבן ווי געליזעוועטע סטרונעס אין זיך אַריינגע־קלונגען. אין שטורעם, איז די צוזאַמענגעפּרעסטע יידישע „קאָמאַנ־דאָ" צעוואָרפן געוואָרן איבערן שאָסיי. קולות פון יידן, איינגע־באַבלטע אין האַלדז־טיכער, האָבן געשריען נאָך הילף. די וואַכמיי־סטערס, לויפנדיק ווי אויף גלאָז, זיינען געזונקען אין דער ערד. זייערע ביקסן, ווי פליגל פון סאָוועס, האָבן זיך געדרייט אין דער לופט.

אין לאַגער האָט דער ווינט געפּויקט אין צענדליקער לאָדנס און טירן. די גרויסע לאָמפּן האָבן געברענט אין אַלע ראָגן. פון די אָב־סערוואַטאָרן־טורעמלעך האָט אַ בלוט־רויטער אָפּשיין זיך אַראָפּגע־גאָסן און איז צעפּליקט געוואָרן פון ווינט.

דער אַפּעל־פּלאַץ איז געדיכט באַשטעלט מיט ווייסע קאַצעטני־קעס. דער שטורעם איז אַזוי שטאַרק, אַז דער יידן־עלטסטער, שטיי־ענדיק שטייף, אויסגעצויגן פאַרן דייטשן לאַגער־קאָמענדאַנט, ווערט אָוועקגעשמיסן פון ווינט. היטלעך פליען אין דער לופט. טעלער רייסלען זיך אַהער פון דער קיך. פון אָפענעם מיסט־קאַסטן, רייסן זיך אַרויס שטיקער פּאַפּיר, פאַרבלאָטיקטע שטרויען, צעבלאָזענער שטויב. אַלץ טראָגט זיך אין דער לופט אין אַ קאַראַהאָד, אַז עס דאַכט זיך, אַז באַלד וועלן די באַראַקן זיך נעמען רירן און אַריבער די שטעכל־דראָטן.

— הענט אין די קניען פּאַטשן! — קומט אַ דייטשער באַפעל.

ווי טויזנטער רייטער אויף גאַלאָפּירנדיקע פערד, וואַלטן זיך

אַרײַנגעלאָזט אין לאַגער, אַזוי האָט פאַרן אויער געווירקט, דאָס פּאַטשערײַ אין די בײנערדיקע קניען פון די געפאַנגענע.

— עס ווערט וואַרעמער, עס ווערט וואַרעמער! — איז אַדורך אַ געמורמל.

— אויפהערן!

עס איז געוואָרן שטיל, בלויז דער ווינט האָט געפיפן.

נאָכן ראַפּאָרט, האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט אַרויסגערופן די צען אויפגעשריבענע נומערן.

זיי זײַנען געשטאַנען ציטערנדיקע און געוואַרט אויפן אורטייל.

— די אַכט, וועלכע האָבן צוריקגעוואָרפן דאָס ברויט, פינף־און־צוואָנציק שמיץ, אויסגעפירט אין דער קיך. אויסער דעם אַכט טאָג אָן ברויט. יידן־עלטסטער, זאָפאָרט איבערגעבן דעם באַפעל זייערע בלאָק־עלטסטע. נו, איצט דער קערל, וואָס וויל ביי אונדז לייענען צייטונגען און דער דאָקטאָר מאַצנער, מעלדן זיך אין מײַן ביוראָ אין אַ שעה אַרום. פאַרטיק. אַוועקטרעטן!

*

אין דער דײַטשער קאַנצעלאַריע איז געווען שטיל. אַ לאָמפּ אין אַ רויטער אַבאַזשור, האָט געוואָרפן בלוט־פלעקן אויפן טיש, באַלײַכט מיט ליכטער. היטלערס פּאָרטרעט איז געהאָנגען איינגעראַמט אין זיידענע בענדער, מיט אויסגעהאַפטענע האַקנקרייצן. די ווענט זײַנען געווען באַדעקט מיט ביקסן און געפלאָכטענע נאַגײַקעס.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. אַ פּאָר אָפיצערסקע שטיוועלעך האָבן אָנגעהויבן פּישטשען און זיך דערנענטערן צום טיש. דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַלט, אָפּגעלעבט און יונג אין רציחה, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. ער האָט פאַרויכערט אַ ציגאַר און מיט זײַנע שניידיקע גרויע אויגן, האָט ער באַטראַכט די ליסטעס, וואָס זײַנען געלעגן פאַר זײַנע אויגן.

— אַרײַנפירן דעם ערשטן פאַרברעכער! — האָט זיין הייזעריקע

שטימע געררופן און זיין רעכטע האַנט האָט צוגעפּויקט אין טיש אַריין.

מען האָט אַריינגעפירט ד״ר מאַצנער.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אים באַטראַכט מיט פאַרזשמו־רעטע אויגן. שטייענדיק, האָט ד״ר מאַצנער אויסגעזען, ווי אַ גע־האָנגענער.

— ביטע זיצן זי, הער דאָקטאָר! — האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט מיט איראָניע.

ד״ר מאַצנער האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט אויף דער טאַ־בורעטקע.

— פיין, פיין! — האָט זיך דער קאָמענדאַנט געריבן אין די הענט אַריין. — אַלס אַרצט איז דיר ביי אונדז שלעכט געווען. ווילסט בעסער גנבענען אַריש ברויט און עס באַגראָבן אין שניי. שטימט עס, דאָקטאָר?

— עס שטימט. — האָט ד״ר מאַצנער שטיל אַרויסגערעדט.

— המ... האָסט הונגער געהאַט. — האָט דער קאָמענדאַנט אַ ברום געטאָן און זיך אויפגעכאַפּט. — איך וועל זיך מיט דיר לאַנג נישט שפּילן. דו ווערסט אַוועקגעשיקט.

ד״ר מאַצנער האָט אַ ציטער געטאָן און אָנגעהאנגען זיינע אויגן אויפן קאָמענדאַנט, ווי ער וואָלט עפּעס געבעטן שטומערהייט.

— אויפשטיין! — האָט דער קאָמענדאַנט אַ געשריי געטאָן. — זיגלער, זיגלער! — האָט ער געפּאַטשט אין די הענט אַריין.

עס איז מיט הילכיקע טריט אַריין אַן אויבערשיצער און זיך גלייכגעשטעלט.

— צום באַפעל, הער קאָמענדאַנט!

— אַריבערפירן דעם הער צום יידן־עלטסטן. ער ווערט זאָפאָרט צוגעשריבן צום קראַנקן־טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ. ער איז הונגע־ריק, וועט ער זאַט ווערן אין קרעמאַטאָריע־אויוון.

דער אויבערשיצער האָט אַ פּויק געטאָן מיט די שטיוול, אָנגע־כאַפּט ד״ר מאַצנער ביים קאַרק, אים אַרויסצופירן.

אָבער דאָ האָבן זיך ד"ר מאַצנערס קניען אונטערגעבראָכן. ער איז אַ פאַל געטאָן צום קאָמענדאַנטס שטיוול, זיי אַרומגעכאַפּט און אויסגעשריגן:

— הער קאָמענדאַנט, הער קאָמענדאַנט!...

ער האָט פאַרלוירן דעם אָטעם. ער האָט נישט געקענט אַרויס־זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט.

דער קאָמענדאַנט האָט אים אַוועקגעקאָפּעט. אויף אַ ווונק, האָט אים דער אויבערשיצער אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ פאָלע פון זיין לאַגער־בגד און אים אַרויסגעשלעפּט, ווי אַ טויטע זאַך.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אויסגעלייגט אויפן פאָטעל. אָנגע־צונדן זיין האַלב־אויסגעלאָשענעם ציגאַר, אָפּגערוט, לאַזנדיק זיין קאָפּ איינראַמען אין צעשלענגלטע וואָלקנדלעך רויך, באַלד ווידער אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט אַריין און גערופן:

— אַריינפירן דעם נעכסטן נומער.

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ האַנט האָט אַריינגעוואָרפן רודניצ־קען.

פאַר רודניצקעס איבערגעשראָקענע אויגן האָבן זיך באַוויזן: ביקסן, נאַגייקעס, אַ רעוואָלווער אויף אַ פאַסעק, היטלערס פּאָר־טרעט און דעם קאָמענדאַנטס צוויי אויגן, וואָס האָבן שאַרף אַריינ־געשפּיזט אין זיין געביין.

— אַ מאָדנע געשיכטע. צום ערשטן מאָל טרעפט מיר דאָס, אַז אַ העפטלינג זאָל וואַגן אַרויסגנבענען אַ צייטונג פון אַ וואַכמיי־סטערס טאַש. — האָט דער קאָמענדאַנט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַריין — זאָג מיר, קריפּל! פאַרוואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלן אַ צייטונג, האָסט נישט געהאַט קיין הונגער?

רודניצקי איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. זיין האַרץ האָט האַס־טיק געקלאַפּט.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַראָפּגעריסן אַ נאַ־גייקע פון דער וואַנט.

ערשט איצטער איז פון רודניצקען פאַרשווונדן די שרעק. עס האָט אין אים אויפגעזאָטן דער האַס.

— איך האָב יאָ געהאַט הונגער, אָבער עס איז פאַראַן עפּעס שטאַרקערס.

— גרויסאַרטיק! — האָט דער קאָמענדאַנט אַ פּאָכע געטאָן מיט זיין נאַגייקע אין דער לופט אַריין — איך וועל באַלד זען, וואָס דו האָסט געזוכט.

אַ דייטשע צייטונג האָט זיך צעעפנט אין קאָמענדאַנטס הענט.

רודניצקי האָט באַמערקט זיין לאַגער-נומער, געצייכנט מיט אַ רויטער בלייַשטיפט. אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט. ער האָט נערוועז געקנייטשט זיינע הויזן מיטביידע שטייפע הענט. און באַלד האָט אים עפּעס אַ פינקל געטאָן פאַרן אויג. ער האָט אויפגעריסן זיינע אויגן. ער האָט פאַרגעסן אין זיין געפאַר. ווי אַ זשיראַף האָט ער אויסגעצויגן זיין דאַרן האַלדז און גאָטישע בוכשטאַבן האָבן געטאַנצט פאַר זיינע אויגן... „עלאַס-טישער ריק-צוג... קיר-צונג פון פראָנט... ביי סטאַלינגראַד“.

אַן אַנטשוויגענער האָט דער קאָמענדאַנט אַריינגעקוקט אין רודניצקעס אויגן און הגם זיי האָבן געצאַפּלט האָט ער אויפגעכאַפּט די אָפּשפּיגלונג פון אַ נצחון...

רודניצקי האָט געהערט, ווי דעם קאָמענדאַנטס שטול איז מיט אַ טראַסק געפאַלן צום באָדן. און איידער ער האָט זיך באַוויזן אומצוקוקן, האָט שוין אַ נאַגייקע, ווי אַ פייערדיקע שלאַנג זיך געוויקלט אַרום זיין האַלדז. אין דעם געפייף פון דער נאַגייקע האָט ער געהערט אַ פאַרביסענע שטימע:

— דו האָסט געזוכט די דייטשע נידערלאַגע! דו האָסט גע־זוכט די דייטשע נידערלאַגע! שטיין בלייבן!

רודניצקי האָט באַרירט די בלוט-פלעקן אויף זיין בגד. די נאַגייקע האָט אים שרעקלעך געברענט. אָבער ער איז געבליבן שטיין

מיט פאַרהאַקטע ציין און דעם קאָמענדאַנט אַריינגעבליצט אין די אויגן...

— זיגלער, זיגלער! — האָט דער קאָמענדאַנט זיך געריסן דעם האַלדז.

דער אויבערשיצער איז אַריין.

— דאָ האָסטו דעם צווייטן קאַנדידאַט צום אוישוויצער טראַנס־פּאָרט. אַרויספירן דעם פאַרברעכער!

דער אויבערשיצער האָט רודניצקען אַזאַ שטאַרקן וואָרף געטאָן, אַז מיטן קאָפּ האָט ער אויפגעפראַלט די טיר.

*

אין דעם פרימאָרגן האָט די זון געשיינט. דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. דער שניי איז שוין לאַנג געווען צעגאַנגען. די פעל־דער האָבן צוריק אַרויסגעוויזן זייערע קאַרבירטע גרודעם ערד, ווי אַן אָנזאָג פון אויפבלי.

אַ פאַרמאַכטער לאַסט־אויטאָמאָביל, באַוואַכט פון באַוואָפנטע ס.ס.־מענער איז מיט רעש געפאָרן איבערן שאָסיי. אינעווייניק, ווי אין אַ מאַסן־קבר, זיינען געלעגן צוזאַמענגעדרענגט: קראַנקע מענער, פרויען און מיידלעך. טייל מיט אַן אויסגעלאָשענעם באַוווסטזיין, אַז זיי האָבן ממש נישט געוווסט ווהין מען פירט זיי... טייל האָבן פאַרשטאַנען און האָבן אַזוי טיף געשוויגן, ווי זיי וואָלטן מער נישט געוואָלט הערן זייער אייגן קול.

ד"ר מאַצנער איז געלעגן מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין דער ברוסט, ווי ער וואָלט געשלאָפן, נאָר זיינע ציטערנדיקע אויגן־לעדנדלעך האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז וואַך, ווי אַ מענטש קען זיין ערב־טויט.

רודניצקי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. ער האָט געזען די דינע פעדימלעך טאָג־ליכט, וואָס רייסן זיך אַריין דורך די שפּאַרונקעס פון וואָגן, באַגילדן די שוואַרצע ווענט. ער האָט געהאַט דעם איינ־דרוק, ווי די לעצטע ליכטיקע שטראַלן לויפן אים נאָך און וועלן

באַלד ווערן אָפּגעשניטן פון זיין אָטעם... ער האָט זיך איינגע־קאָרטשעט און אַרויסגערופן אין זכרון אַ בילד. ער האָט זיך דער־מאָנט אין דער „קראַנקן־שטובע". ער זיצט אויפן בעט, אַ צוריקגע־קומענער פון דער אויספאָרשונג. זיין בעט איז באַלאַגערט פון־צענדליקער העפטלינגען, וואָס קוקן אויף אים מיט אויסגעלאָשענע אויגן און ער צינדט אין זייערע אויגן אָן אַ ניי ליכט. ער דערציילט, וואָס ער האָט געזען אין דער דייטשער צייטונג. עס ווערט אַ פריי־דיקע מהומה צווישן די האַלב־טויטע. ברוגזע פאַלן זיך אויף די העלדזער. די טויטן־מאַסקעס באַקומען אַן אַנדערן אויסזען, אַקוראַט ווי ער וואָלט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה. דאָס בילד שוועבט אים נאָך... דאָס בילד נעמט ער מיט... עס ווערט אים מיטאַמאָל אַ שאָד איבערצולאָזן די וועלט מיט איר צוקונפט.

פּלוצלינג האָט זיך דער לאַסט־אויטאָמאָביל אַ טרייסל געטאָן און ד"ר מאַצנערס שטערן איז צוגעפאַלן צו רודניצקיס קאָפּ. ד"ר מאַצנער האָט געעפנט די אויגן און האָט רודניצקען לאַנג אָנגעקוקט. עס איז געווען קענטיק, אַז ער וויל עפּעס זאָגן און קען נישט.

— ד"ר מאַצנער! — האָט רודניצקי שטיל געזאָגט. — מיר פאָרן דאָך דעם לעצטן וועג, טאָ פאַרוואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי?...

— שווייג, שווייג! — האָט זיך ד"ר מאַצנער געכאַפּט ביים קאָפּ.

— מאַצנער, מאַצנער! זיי ווילן, אַז זיי רוקן זיך צוריק פון סאָוויעטישן באָדן. מיט מיינע אייגענע אויגן געזען. — האָט רוד־ניצקי מאַצנערן אַריינגעשושקעט אין די אויערן.

— וואָ־אָס? — האָט ד"ר מאַצנער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

און נאָך אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט זיך צעוויינט, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן רודניצקעס פינגער און זיי אָנגעהויבן בייסן.

— פאַרוואָס האָסטו מיר דאָס געזאָגט? מיר וועט דאָך איצטער זיין שווערער צו שטאַרבן.

— מיר לייכטער. — האָט רודניצקי אַרויסגעריסן די פינגער פון מאַצנערס מויל.

# יאשעק און ליליאנא

דעם פּאָעט יאשעק סאָקאָלאָווסקי, האָב איך באַקענט אין אַ צייט, ווען מיין ווילן צום לעבן איז אין מיר שוין געווען האַלב-אָפּגעשטאָרבן.

איינמאָל אין אַן אָוונט האָט אַ יינגל, אין אונדזער באַראַק, אַרויסגעגנבעט אַ ראַציע ברויט ביי אַ פאַרהלשטן, וועמען ער האָט כלומרשט געמונטערט...

ווי נאָר דער פאַרחלשטער האָט צוריק געעפנט זיינע אויגן האָט ער גלייך אָנגעטאַפּט זיין טאַש, וווּ די ראַציע ברויט איז געלעגן. און דערפילנדיק, אַז זיין טאַש איז אויסגעהוילט האָט ער אַרויס-געלאָזט אַ מוראדיק געשריי :

— מען האָט מיך באַגנבעט !...

פאַר דעם פאַרברעכן זיינען אַלע אייגוווינער פונעם באַראַק באַשטראָפט געוואָרן. איך האָב זיך צום ערשטן מאָל אין מיין לאַ-גער-לעבן אַוועקגעלייגט און איינגעזאַפּט די צוואַנציק שמיץ. פאַר בושה האָב איך מיין געשריי אַריינגעשריגן אין זיך. די דערנידע-רונג האָט מיר נאָך מער וויי געטאָן ווי די באַקומענע שמיץ. איך האָב רחמנות באַקומען אויף מיין אייגענע געפאַלנקייט. דערפילנדיק מיין שוואַכקייט פון נישט קענען זיך אַקעגנשטעלן, האָט מיך אַרומ-גענומען אַן עקל צו זיך גופא. מיין שיסל נישט דערעסענע זופּ איז געווען די איינציקע, וואָס איז געבליבן הפקר.

איך האָב זיך ווי אַ שאָטן אַרויסגעשלייכט פון באַראַק. מיין הכנעהדיק לעבן איז מיר נמאס און איבריק געוואָרן. מיין מבולבל־דיקער בליק איז געפאַלן אויף די עלעקטריזירטע שטעכל־דראָטן... מיין מוח האָט מיר גענומען אויסרעכענען נעמען פון מיינע חברים, וואָס זיינען שוין, וואַרפנדיק זיך אויף די דראָטן, פריי געוואָרן פון אַ לעבן, פאַר וועלכן עס איז נאָך אין דער מענטשלעכער שפּראַך נישט געשאַפן געוואָרן דער געהעריקער נאָמען. די שמיץ האָבן מיר איצט נאָך מער ווי פריער גענומען בריען... אינמיטן גאַנג צו די דראָטן, האָב איך זיך אומגעקוקט, ווי געשאנקען דער וועלט מיין לעצטן בליק... אבער פּלוצלונג האָב איך באַמערקט די אַרומיקע נאַטור־שיינקייט, וואָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אַזעלכע דערהויבענע געפילן, אַז כ׳האָב מער נישט געקענט טראַכטן וועגן אויספירן מיין טאַט...

דער זומער־פאַרנאַכט איז געווען אַ שפּילעוודיקער. עס איז מיר געווען אַ שאָד דעם אָוונט צו שטאַרבן... דער לאַגער־באָדן איז געווען באַדעקט מיט הויכע העל־גרינע גראָזן. אַ לייכט זומער־ווינטל איז די גראָזן געקראָכן איבער די קעפּ און זיי לײַכט קאַרבירט. דער סאָסנע־וואַלד אויפן באַרג, אין מערב־פליגל פון לאַגער, איז געווען באַגאָסן מיט אַ קופּערנער, צעגליטער רויטקייט. דריי פאַרבן־טענער האָבן געשפּילט אין וואַלד: גרין, רויט און ווייס, האָבן פון דעם שאָלעכץ זיך געוויקלט אויף די ביימער־שטאַמען. די זון איז שוין געשטאַנען אַזוי נידעריק איבערן וואַלד, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכטן, איר צעשמאָלצענער קופּער טריפט ממש אויף די ביימערישע קרוינען־קעפּ. פאַרביקע לענטעס האָבן געשטרייפט דעם מערב־ראַנד, פיינעלעך האָבן אַריינגעשפּילט, אַריינגעגאָסן זייערע דינינקע צאַרטע טענער אין דער פאַרחלומטער דעמערונג־שטילקייט. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל צערינען ווערן פאַר ווייטיק, וואָס איך בין אַ געפאַנגענער. און שטייענדיק אויפן קרייץ־וועג צווישן לעבן און טויט, האָט זיך מיין בליק אָפּגעשטעלט אויף אַ געפאַנגענעם אין אַ גראַנאַטענעם באַסקישן בערעט, באַשמירט מיט אַ ווייסן קרייץ.

ער איז געשטאַנען ביי אַ מויער און אָפּגענאַרט די פייגעלעך. ער האָט באַוויזן זיין האַנט, ווי ער וואָלט די פייגעלעך געוואָרפן קריש־קעס ברויט. אַ מחנה פייגעלעך זענען אָנגעפלויגן. גענישטערט מיט די אויגעלעך, געפּיקט מיט די שנעבעלעך און זעענדיק, אַז זיי האָבן דאָ גאָרנישט, וואָס אויפצופּיקן, זיינען זיי מיט צערוישטע פליגע־לעך אַוועקגעפלויגן.

דעם געפאַנגענעמס בענקשאַפט, זיין שפּילעוודיקע פאַנטאַזיע אין אַזאַ פינצטערן גיהנום, האָט מיך גערירט. איך האָב זיך צו אים דערנענטערט.

— דו פאַשעסט די פייגל ?...

— איך האָב זיי נישט מיט וואָס צו פאַשען. אַ מענטש בענקט זיין גאַנץ לעבן נאָך זיינע פרייע, שפּילעוודיקע, קינדער־יאָרן.

— איך הער דאָ זעלטן אַזעלכע רייד.

— אַ פּאָעט גלויבט דאָך אפילו, אַז ער וועט לעבן נאָכן טויט. — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— דו ביסט אַ פּאָעט ?

— דו האָסט נישט געהערט פון אַ יידיש־פּוילישן דיכטער יאשעק סאָקאָלאָווסקי ?

— איך קען זיך נישט דערמאָנען.

— ביסט אויך אַ פּאָעט ?

— אַ פּראָזאַיקער.

— עס איז נישט קיין וועזנטלעכער אונטערשיד. די פּראָזע, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך נישט אָפּ קיין דיכטערישע נשמה, לאָזט אונדז איבער קאַלט. פון וואַנען קומסטו ?

— פון פּאַריז.

ער האָט מיך חבריש גענומען אונטערן אָרעם און מיט מיר אַוועקגעשפּאַנט. איך האָב אויף אַ ווייַלע פאַרגעסן, אַז כ'געפין זיך אין אַ לאַגער. יאשעק האָט מיך אַריינגעפירט אין אַן אַנדערע וועלט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַרומקוקנדיק זיך האָט ער גע־זאָגט :

— דאַטעס „גיהנום“ איז שוין היינט אַ קינדער־שפּיל. מיר זיינען איצט לעבעדיקע העלדן פון צוקונפטיקע ווערק, וואָס וועלן פאַרבלאַסן אַלע טראַגעדיעס פון דער וועלט־ליטעראַטור.

אינמיטן שמועס האָט ער באַמערקט אַ יונג מיידל, אויף יענער זייט דראָטן. ער האָט זיך פון מיר אָפּגעריסן און איז אַוועק צום מיידל.

איך בין געשטאַנען פון ווייטן און זיי באַטראַכט. דאָס מיידל האָט געטראָגן אויפן אָפּגעשאָרענעם קאָפּ האָר — אַ טערקיש פאַר־ביק טיכל. איר אויסגעבלייכט פּנים האָט מיך געשניטן ביים האַרצן. אירע מאַטע אויגן זיינען געוואָרן צעפינקלט, קוקנדיק אויף יאַשעקן. איר שמייכל, ווי אַ פרייער פויגל, האָט אַריבערגעשוועבט די דראָטן. איך האָב געזען אירע ווייסע, צאַרטע פינגער צאַפּלען איבער די דראָטן, ווי זי וואָלט יאשעקן געוואָלט אַרומנעמען און צודריקן צו איר ברוסט. איך האָב נאָכגעקוקט יאשעקס פאַרבענקטע הענט, ווי זיי שפּרינגען איבער די דראָטן אַרויף און אַראָפּ. איך האָב געפילט וויביידע פאַרליבטע הערצער ווילן זיך דערנענטערן, נאָר אינמיטן שטייט אַ וואַנט און טיילט זיי פונאַנדער...

איך בין מיט לאַנגזאַמע טריט אויסגעגאַנגען די טרויעריק־צע־רויסטע דראָטן־וואַנט, וואָס טיילט אָפּ דעם פרויען־לאַגער פון מע־נערישן. צענדליקער פרויען שטייען דאָ און בענקען נאָך זייערע חרוב־געוואָרענע היימען, נאָך זייערע קינדער און מענער. צענדליקער יונגע מיידלעך. זייערע בליקן קריכן מיר נאָך און מאָנען זיך אַ טרייסט־וואָרט. מיין פאַרביטערט געמיט, לאָזט מיך אָבער נישט אָפּשטעלן.

איך בין אַוועק איידער דער סיגנאַל האָט אונטערגעיאָגט: „אין די בעטן אַריין“. איך בין יענעם אָוונט געווען דער ערשטער אויפן שטרויזאַק; הגם בעת איך בין אַרויס פון באַראַק, נאָך די שמיץ, האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, אַז מיין שטרויזאַק וועט די נאַכט בלייבן נאָך אַ טויטן...

*

אין עטלעכע טעג אַרום, צוריקומענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך, מיט אַ ציטער, דערזען יאשעקן אין די אָרעמס פון צוויי יידישע סאַניטאַרן. זיין שאַרבן איז געווען אויפגעשפאָלטן. זיין פּנים — אויסגעשמירט אין בלוט.

פאָרויס, פאַר יאשעקן, איז געגאַנגען מיט האַסטיקע טריט אַ דייטשער אויבערשיצער. זיין מונדיר — אָנגעהאָנגען איבער די אַקסלען. אין זיין האַנט — דאָס באַקאַנטע „גומי־קניפּל“. נאָך יאַשעקן האָט זיך נאָכגעשלעפּט דער יידישער דאָקטאָר, שעפנער.

איך האָב זיך גלייך דערוווּסט יאשעקס פאַרברעכן: אַ יידישער שלאָסער האָט אין פאַבריק צוגעפּאַסט אַ שליסל צו אַ שענקעלע פון אַ דייטש און פון דאָרט אַרויסגענגנבעט אַ ביסל שפּייז. נאָכמי־טאָג איז אין לאַגער פאָרגעקומען אַ רעוויזיע. קיין שפּור פון דער גנבה האָט מען נישט געפונען. נאָר אנשטאט שפּייז, האָט מען אין יאשעקס שטרויזאַק געפונען אָנגעשריבענע לידער.

מיין באַקאַנטער דאָקטאָר פון פראַנקרייך, האָט מיך באַרואיקט:

— ער האָט גליק, וואָס דער אויבער־אַרצט שעפנער איז זיינער אַ לאַנדסמאַן. ער שטעלט זיך איין דאָס לעבן אים צו היילן אין גע־היים.

— קען איך אים זען?

— ער האָט פאַרלוירן זיין באַוווּסטזיין.

איך בין אַרוים פון דאָקטאָר אַ צעבראָכענער. אינעווייניק אין מיר האָט אַלץ געוויינט און זיך געבונטעוועט. איך האָב זיך אַרומ־געדרייט אין פרעמדע באַראַקן, מיט אַן אויפגעריסענעם בליק, אַליין נישט וויסנדיק, צו וואָס איך בין דאָרט אַריינגעקומען.

אין יעדן באַראַק האָט מען צו מיר געשריגן:

— אַרויס, אַ פרעמדער, ער איז געקומען גנבענען...

איך בין אַריין אין דענטיסטן־באַראַק. די טיר איז אַ גאַנץ יאָר געשטאַנען אָפן. די צוויי דענטיסטן, וואָס האָבן דאָ געוווינט, זיינען

איצט געשטאַנען ביי די דראָטן פון פרויען־לאַגער. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן דענטיסטן־שטול. אויסגעלייגט מיין קאָפּ, ווי מען וואָלט מיר געגאַנגען אַרויסרייסן אַ באַק־צאָן. איך האָב זיך גישט געקענט דערקלערן, צו וואָס איך בין דאָ אייגנטלעך אַריינגעקומען. איך האָב צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

קעגנאיבער דעם פענצטער, גאַנץ ווייט איבערן הויפט־שאָסיי, האָב איך באַמערקט אַ לאַנדשאַפט, וואָס איז געלעגן באַרג־אַראָפּ. אין מיין אויג האָט דאָס בילד אויסגעזען, ווי עס וואָלט געווען צו שיף אויפגעהאנגען אין וועלט־רוים.

דעם פּייזאַזש האָב איך יעדעס מאָל באַטראַכט, ווען איך האָב באַזוכט דעם דענטיסטן־באַראַק. מיר איז געווען אַזוי גוט צו קוקן אויף דעם גרינעם גראָז־טעפּיך, אויף דעם רויטן הייזקעלע, מיט פענצטערלעך צעצונדן פון שקיעה־פלאַמען, אויף די קרום־שטאַמיקע ביימער, ווי אויפגעפּראַלטע שירמען פון זיידענע גרינע בלעטער, אויפן שטיקל הימל מיט זיג־זאַגישע וואָלקנדלעך, צוזאַמענגעגאָסן פון אַ צאַרטן בלוי מיט לילאַ, אַרומגעזוימט מיט שפּילעוודיקע, פאַר־שידנקאָליריקע שמאָלע שטרייפן, וואָס האָבן געשפּילט מיט וואַן־גאָגישע פאַרבן. אָבער איצט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איבער דעם פּייזאַזש האָט זיך פּלוצלונג אַראָפּגעלאָזט אַ פאָרהאַנג פון פאַר־זשאַווערטע שטאַכעטן...

איך בין אַרויס צו דער „וואַנט" פון פרויען־לאַגער. עס איז דאָ געווען טומלדיק. הונדערטער מענער זיינען דאָ געשטאַנען. זייערע מויטן־מאַסקעס, האָבן געשמייכלט, אונטערהאַלטנדיק זיך מיט די פרויען, וואָס האָבן זיי דערמאנט אין אַמאָליקן פאַמיליע־לעבן. דורך אַן אויסגעגראָבן גרוב, האַרט ביי די דראָטן, האָבן טייל פרויען אַדורכגעגעבן אָפּגעקאָכטע „יושקעס" פאַר זייערע לאַגער־מענער און אויגן פון הונגעריקע האָבן געהיטן מיט כוונה, צו באַקומען אַ לעפל צו פאַרזוכן... אַנדערע פרויען האָבן אַדורכגעשטופּט קאַלטע, גע־בראָטענע קאַרטאָפל. מען האָט דאָ געהאַנדלט, זיך געליבט בלויז

מיט די אויגן, געטרייסט זיך, באַדויערט זיך, געווונטשן זיך, צו קע־
גען אויסהאַלטן.

יאשעקס מיידל איז געשטאַנען אַ פאַרבענקטע און אַריינגעקוקט
אין מענער־לאַגער. איך האָב זיך דערנעענטערט און זי באַגריסט.

— איר קענט מיך ?

— איך קען יאשעקן.

— איך קען זיך גאָרנישט דערוויסן, וואָס ער מאַכט. — האָט
איר שטימע דערמאָנט אַ וויינענדיקע וויאָלאָנטשעל.

— איך האָב זיך איינגעשטעלט אַריינצוגיין אין דער „קראַנקן־
רעוויער" אים זען. עס איז אים בעסער. דער דאָקטער שעפנער איז
זיך פאַר אים מקריב.

— אַ דאַנק ! — האָבן טרערן פייכט געמאַכט אירע וויעס.

דעם אָוונט בין איך נישט פריער אַוועק פון די דראָטן, ביז אַ
נאַגייקע, האָט אַ קלונג געטאָן אין מיין אויער. אַ גאַנצע נאַכט האָט
מיר דאָס אויער ווי געטאָן, אָבער איך האָב נישט געוואָלט הערן
דעם ווייטיק. אין מיין אויער האָט אַלץ נאָך געקלונגען די שטימע
פון יאשעקס מיידל, וואָס בענקט נאָך איינעם, וואָס איז מיר ליב
געוואָרן ווי אַן אייגענער ברודער.

*

איינמאָל אין אַן אָוונט בין איך צוגעקומען צו די דראָטן און
געטראָפן יאשעקן מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ.

— י א ש ע ק !...

— דער מענטש מוז דיך זייער ליב האָבן, יאשעק. ער איז מיך
יעדן פאַרנאַכט געקומען טרייסטן. — האָט דאָס מיידל געזאָגט.

יאשעק האָט מיט אַ שמייכל, אַ כאַפּ געטאָן מיין קאָפּ און אים
צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

— מיר וועלן זיי איבערלעבן...

איך האָב זיך איינגעהערט אין זייער געשפּרעך :

— יאשעק, איך בעט דיך הער אויף צו שרייבן. איך וויל נישט

מער, אַז דו זאָלסט ריזיקירן דיין לעבן. אפילו אָן לידער איז אונדזער לעבן אויך איינגעשטעלט.

— ליליאַנאַ — האָט יאשעק געזאָגט. — מיר איז דאָס אוממעג־לעך. דו זעסט דעם וואַלד, ליליאַנאַ? זע ווי ווונדערבאַר ער איז צע־בליט און וואָס פאַרא אַנגענעמער אַראָמאַט עס דערטראָגט זיך פון אים, נישט געקוקט, וואָס ער שטייט בשכנות מיט אַ גיהנום. דו הערסט, ליליאַנאַ, ווי די פייגעלעך שפּילן, ווי זיי וואָלטן אַרומגע־שוועבט איבער דעם גליקלעכסטן ווינקל פון דער ערד?

זי האָט געשמייכלט און זיך פאַרטראַכט.

— טאָ הער, יאשעק, מיר וועלן מאַכן אַנדערש. דו שרייב און איך וועל זיך דיינע לידער אויסלערנען אויף אויסווייניק. דערנאָך צערייסן די אָריגינאַלן.

ער האָט אויף איר געקוקט נאָך מער פאַרליבט...

— און דיין לעבן וועט דערביי נישט זיין ריזיקירט?

— פאַר דיר וויל איך לעבן און פאַר דיר וועט מיר זיין לייכט צו שטאַרבן.

דערנאָך האָב איך אַ גאַנצע נאַכט געזען אירע פאַרליבטע, צע־שמייכלטע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף יאשעקן...

*

אין עטלעכע וואָכן אַרום, אין אַ זונטיק אינדערפרי, איז אין פרויען־לאַגער פאָרגעקומען, אַ שטרענגע, היגיענישע קאָנטראָלע.

די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון דייטשן אונטער־אָפיציר מילער, באַגלייט פון דעם יידישן דאָקטער שעפנער און פון זעלבן אויבער־שיצער, וואָס האָט אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן יאשעקן.

דער צערוישטער באַראַק, וווּ ליליאַנאַ האָט געוווינט, איז פּלוצ־לונג פאַרשטומט געוואָרן. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן די דייטשע קאָמיסיע. די פרויען און מיידלעך זיינען געווען אויסגע־שטעלט ביי די פאָדער־ווענט פון די דריי־שטאָקיקע בעטן. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין דעם שענסטן, וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט.

די פּאָדלאָגע, די ווענט, די שויבן, האָבן געבלאַנקט. די בעטן — מוסטערהאַפט אויפגעבעט, מיט צוויי לייסטלעך איןביידע זייטן, כדי צו קענען אָנציען די קאָלדרעס, ווי פאַרמעט אויף אַ פּויק. די „שפּינדע" איז געשטאַנען אויפגעעפנט און פון אירע פּאָליצקעס האָבן אַרויסגעקוקט די ברוינע ריין־אויסגעוואַשענע עס־טעפּלעך.

די דייטשע קאָמיסיע האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט ביי יעדער פרוי, באַטראַכט איר צוזאַמענשטעל, אירע שיך, איר בעט און ווײַ־טער אַוועקגעשפּאַנט.

ביי ליליאַנען זיינען ביידע מיליטער־לייט געבליבן שטיין מיט אַ באַהאַלטענער איבעראַשונג אין די אויגן. איר שלאַנקע פיגור האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די לאַגער־שמאַטעס. אירע שוואַרצע, איבער־געשראָקענע אויגן האָבן געפינקלט ווי קאַרשן באַגאָסענע מיט אַ זוניק ליכט. אירע ווייסע בלענדנדיקע ציינער האָבן אַרויסגעבליצט פון אירע פיין־געשניצטע ליפּן. דער אונטער־אָפיציר האָט זיך אָנגע־גווידערט און אַ ביס געטאָן די אונטערשטע ליפּ, קוקנדיק אויף איר. נאָר דער אויבער־שיצער, האָט ליליאַנען אַ גלעט געטאָן מיט אַ ריטל אויף דער ברוסט און איר פּרעך אַריינגעלאַכט אין פּנים.

— דו זעסט גאָרנישט אויס ווי קיין יידישקע.

ליליאַנעס פּנים האָט אויפגעפלאַמט. איר אָטעם איז געוואָרן אויפ־געגליט. אין דעם אויבער־שיצער האָט זי דערקענט דעם שלעגער פון איר יאַשעק. אַן אומגעצוימטע שנאה האָט אַ ברען געטאָן אין איר צו דעם געשטופלטן דייטש און זי האָט כמעט באַוווסטלאָז אַ זאָג געטאָן:

— צום טייוול!

דער אויבער־שיצער האָט האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זיין קערפּער האָט זיך אַ ריס געטאָן צו ליליאַנען און אַריינשטעכנדיק אַ פינגער אין איר פּנים, האָט ער פאַרקרומט די מאָרדע.

— וואָס האָסטו געזאָגט, צויג?

ליליאַנאַ האָט זיך פאַר אימה געוואָלט אַריינגראָבן אין ווענטל פון בעט. אירע נעגל האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אינעם האַלץ.

די באַראַק־שטילקייט איבערגעלאָדן מיט שרעק איז גלייך געוואָרן אויפגעריסן. דער אויבער־שיצער האָט מיט ליליאַנעס קאָפּ הילכיק געפּויקט אין ווענטל פון איר בעט. די פרויען האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון די ערטער... דער יידישער דאָקטער איז געשטאַנען ווי פאַרלוירן. דער אונטער־אָפיציר האָט גאַווהדיק אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ:

— וואָס האָט זי געזאָגט?

— צום טייוול האָט זי אונדז געשיקט, העכ אונטער־אָפיציר.

— פינף און צוואַנציק שמיץ, אויפן נאַקעטן לייב, אויסגעפירט דורך אונדזערע פרויען.

און די קאָמיסיע האָט פאַרלאָזט דעם באַראַק.

ליליאַנאַ איז אַוועקגעפאַלן אויף איר בעט. די פרויען האָבן זי אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט. אין איר געבלימלט קאָפּ־טיכל האָט זיך געפונען אַ נייע בלום — אַ פייכטער בלוט־פלעק...

אינאָוונט, בעת מען האָט ליליאַנען געזען אַריינפירן אין וואַש־באַראַק, איז אין מענער־לאַגער געוואָרן אַ געלויף. נאָר דער פרויען־לאַגער איז געווען אָפּגעלייזיקט. אין די שויבן בלויז האָט מען געזען פרויען־קעפּ, מיט אויפגעריסענע בליקן...

פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ליליאַנאַ האָט זיך אַקעגנגעשטעלט. זי האָט באַשפּיגן די פּנימער פון די דייטשע פרויען. מיט די נעגל איז זי זיי אַריינגעקראָכן אין די אויגן. מען האָט זי געמוזט באַשפּריצן מיט דער וואַסער־קישקע. אַ לענגערע ווײַלע האָט אַ רונדיקער וואַסער־שטראָם מיט אַ מעכטיקער קראַפט זיך אַריינגעשניטן אין איר יונג, נאַקעט לייב.

און בעת זי איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַרחלשטע האָט מען אויף איר אויסגעפירט די שטראָף.

ווען מען האָט ליליאַנען אַרויסגעטראָגן אין אַ קאָלדערע, האָבן די פרויען פאַרגעסן דעם פאַרבאָט און ווי אַ געהאַמעוועטע כוואַליע מיט שטורעם זיך אַ ריס געטאָן פון די באַראַקן. אָבער שאַרפע נאַגייקעס אין די הענט פון דייטשע פרויען האָבן זיי צוריקגעהאַלטן.

דער אונטער־אָפיציר איז חוצפּהדיק אַקעגנגעקומען די דייטשע פרויען. אייגע האָט געמאָלדן:

— אַ ווידערשטאַנד... פאַרשמיסן צום טויט.

— גרויסאַרטיק! — האָט דער אונטער־אָפיציר אויסגעפיפן און זיך צופרידן געפּאַטשט, מיט אַ ריטל, די כאָלעווע פון זיין שטיוול.

יאַשעק איז געשטאַנען ביי דער וואַנט שטעבל־דראָטן און האָט מיט אַ פינצטערן בליק אַריינגעקוקט אין פרויען־לאַגער. ער האָט געזען טראָגן ליליאַנען און געהאַט דעם איינדרוק, ווי מען טראָגט זיין אייגן האַרץ, אַן אויסגעשניטנס, אין אַ קאָלדערע...

— ליליאַנאַ! — האָט זיין קול אַלעמענס הערצער אַ שניט גע־טאָן און ער איז געבליבן שטיין אַזוי שטום, ווי ס'לשון וואָלט אים געוואָרן אָפּגענומען.

איך האָב לייכט באַרירט זיין אַקסל. מיר האָבן זיך ביידע אָנגע־קוקט, ווי צוויי פאַרווונדעטע חיות...

— פיר מיך אַריין אין באַראַק! — האָט זיך זיין פאַרהאַקט קול אין מיר אַריינגעשניטן מיט דער שאַרף פון אַ פייל.

אינמיטן וועג האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ... זיינע אויגן האָבן, ווי דורך אַ נעפּל פון טרערן, נאָך אַלץ געזען די קאָלדערע...

אין טומלדיקן באַראַק איז געוואָרן טויט־שטיל בעת יאַשעק האָט זיך באַוויזן. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אין אונדז איינגעגעסן... זיינע שווערע טריט אויף דער צעמענטענער פּאָדלאָגע האָבן ווי אָפּגע־הילכט אין יעדנס מוח...

איך האָב אים אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. ער איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַ פאַרשטומטער און מיך אָנגעקוקט מיט אַ בליק, וואָס האָט מיך געצוווּנגען צו פאַרמאַכן די אויגן...

— ליליאַנאַ איז טויט... — האָט זיך זיין קול ווי געוואָרגן אין דער קעל. — אָבער איר ווידערשטאַנד האָט אַן אומשטערבלעכע נשמה...

און פאַרקוקנדיק זיך פּלוצלונג אויף זיינע גאַנצע שיך, האָט ער לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ און צוגעגעבן:

— לאָמיר זיך טוישן מיט די שיך... מאָרגן אויף דער בוי־שטעלע וועט זיך ליליאַנעס געפּאַלענע האַנט אויפהייבן אין מיינע...

און מיט אַ שאָרך:

— צוריק וועל׳ך שוין נישט גיין...

די קעפּ פון די העפטלינגען האָבן זיך האַסטיק אויפגעריסן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, ווי יאַשעקעס רייד וואָלטן אָנגעצונדן ביי יע גע־דאַנקען אין זייערע אָפּגעטעמפּטע מוחות...

# דאס טאבורעטקעלע

עס איז געווען 3 אזייגער נאָכמיטאָג אין הארבסט.

דער פרימאָרגן־שיכט איז אָנגעקומען פון דער אַרבעט. א שלאַקס־רעגן האָט מיט געקאַרבטע וואַסער־בייטשן אַריינגעיאָגט אין לאַגער. די געפאַנגענע זיינען געווען אַדורכגעווייקט ביז צום לייב. זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין באַראַק צוואַנציק, ווי האַלב־דערטרונקענע וואַרפן זיך אַריין אין א שיפל צוגעאַנקערט צום ברעג. אין איין מינוט איז דער שטומער באַראַק מיט די אויפגעפּראַלטע פענצטער אָנגעפילט געוואָרן מיט קולות פון מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעראַטעוועט א טאָג לעבן.

די טרוקענע פּאָדלאָגע איז אין איין אויגנבליק נאָס געוואָרן פון די דינע רעגן־ריטשקעלעך, וואָס האָבן גערונען פון אַדורכגענעצטע לאַגער־טראַנטעס. דער געפאַנגענער, וואָס האָט נאָך געשפּירט אין זיך א ביסל כוח, האָט זיך אויסגעטאָן זיינע בגדים און זיי אויפגע־האנגען אויפן פּאָדערוועגטל פון בעט צו טריקענען. אַנדערע האָבן זיך, אָפּהענטיקע, אַריינגעוואָרפן אין די בעטן און געבליבן ליגן, ווי מתים, געוויקלט אין נאַסע שמאַטעס. די „אויסטויגערס" האָבן געכאַפּט טאַבורעטקעס און זיך צוגעזעצט צום טיש אויסלייגן די פּאַרפוילטע מערן אָדער ריבלעך, וואָס זיי האָבן אויף דער בוי־שטעלע „אָרגאַניזירט".

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט א קראַך און א טעמפּער אויסגע־שריי האָט אַלעמען אויפגעוועקט. אַן אַנטווערפּענער ייד, מיט א

שווערן גוף פון אַ מיפּישן דאָרפס־מענטש, איז געזונקען צו דער ערד. ער איז געפאַלן מיטן גרויסן אָנגעשוואָלענעם קאָפּ אויפן אייזער־נעם אויוון. אַ שטראַמל בלוט האָט אַ שפּריץ געטאָן אויפן באָדן. ער איז געבליבן ליגן מיט צוויי שווערע אויפגעשטעלטע פיס, דאָס מויל אָפן. די אויגן ווי ביי אַ געבונדענעם אָקס, האָבן געקוקט אויסגע־גלאָצטע אויף זיינע חברים, וואָס האָבן אים געפּרוווט אויפשטעלן און האָבן אים נישט געקענט רירן פון אָרט. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז דער אַנטווערפּענער ייד האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טאַבו־רעטקעלע מיטן הינקנדיקן פיסל. באַלד האָט זיך דערהערט דער לאַנג־דערוואַרטעטער פייף, וואָס האָט גערופן אין דער קיך אַריין אָפּנעמען דאָס מיטאָג.

אין געציילטע רגע׳ס איז דער באַראַק געוואָרן אָפּגעליידיקט. אַ געשלענגלטע קייט פון לעבעדיקע מענטשן מיט טויטע פּנימער האָט זיך געצויגן פונעם קיכן־פענצטערל ביז וויט אין די לאַגער־געסלעך אַריין. די קאַצעטלער האָבן מער נישט געקענט דערשטיין אויפן אָרט. דער ריח פון דער קיך האָט זיי געררייצט אין די נאָז־לעכער. דער הונגער האָט געגראָבן לעבער אין זייער ליידיקן מאָגן. די אַדורכ־גענעצטע אָניצעס אין די אָפענע שיך האָבן זיי געצויגן ביים האַרצן. טעלער האָבן זיך געדרייט אין אומגעדולדיקע פינגער. טרוקענע לעפל זיינען געלעקט געוואָרן פון פייכטע ליפּן. די קעפּ פון די געפאַנגענע זיינען געזעסן איינגעגראָבן אין די פּלייצעס. די אויגן בלויז האָבן אַרויסגעבליצט צום פאַרמאַכטן קיכן־פענצטערל, מיט אַ געבעט עס זאָל זיך וואָס־גיכער עפענען. דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט כליאַפּען. אַרום איז געווען נאַכטלעך־טונקל. אויף דער נשמה — פינצטער. פון „שייל־רוים" האָבן זיך אַרויסגעהערט פרויען־שטימעס. די מירן זיינען געווען אָפן. מיידלעך זיינען דאָרט געזעסן אויף איבער־געדרייטע קעסטלעך און אַריינגעשיילט ריבלעך אין גרויסע פעסער. איינע, אַ יונגיטשקע, האָט אונטערגעברומט אַ לידל, וואָס האָט געגאָגט ביים האַרצן, ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון אַ מאַמעס וויג־ליד.

די געפאַנגענע זיינען שוין געשטאַנען איבער אַ שעה אין דער

ריי און דאָס קיכן־פענצטערל האָט זיך נאָך־אַלץ נישט געעפנט. דער גרעסטער טייל האָט געשוויגן, באַהערשט פון אַ יאוש־שטימונג. געציילטע האָבן זיך אָבער געבונטעוועט:

— צו וואָס האָבן זיי אונדז גערופן, אַז ס'מיטאָג איז נאָך נישט פאַרטיק.

— נישט געקענט פאַרגינען דאָס ביסל זיצן אין באַראַק מיט אַדורכגענעצטע סויוועס.

— דאָרט ביי די קיכערס איז ליכטיק און וואַרעם. זיי פרעסן און טרינקען. און מיר שטייען דאָ ווי די הינט.

— לאָמיר צוריק אַריין אין באַראַק, מען וועט דאָך אָוועקפאַלן.

— הייב מיט זיי אָן. מען קען באַשטראָפט ווערן און אינגאַנצן נישט באַקומען קיין מיטאָג.

דער לעצטער האָט מיט זיינע רייד אָנגעוואָרפן אַ מורא. עס איז פלוצלונג געוואָרן אַ געשטויס אין דער ריי, ווי די אויסגעהונגערטע וואָלטן דערפילט אַ פרעמדע האַנט וויל זיי פון דאַנען אַרויסיאָגן.

דער קיכן־שעף האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די שטיגעלעך. אַ יונגער אויסגעפרעסענער חברה־מאַן, אין אַ פּאָר אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך, אין אַ ווייס־בלוי מיצל. אין זיין רעכטער האַנט — דאָס צוועגגל אויסצוקלאַפּן לעכלעך אין די עס־קאַרטן. די נאַגייקע האָט זיך אים, ווי אַ דרימער פוס, נאָכגעשלעפּט אינם פּאַסעק פון זיין ספּאָרט־אַנצוג. ער האָט זיך מיט אַ פּאַריסענעם קאָפּ דערנעענטערט צו דער אַדורכגעווייקטע ריי, יעדן אַריינגעקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס ער האָט אַרויסגערופן אַ מורא. די געפּאַנגענע האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם, קוקנדיק אויף אים. זיי האָבן געציטערט פאַר דער מינדעסטער באַוועגונג. בלויז די הוסטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע לונגען, האָבן זיי נישט געקענט דערשטיקן.

— וואָס פאַרא געהוסט איז דאָ? איר ווילט ביי מיר אַרויסרופן

רחמנות ? ! — האָט ער זיך צעשריגן און אַראָפּגעהעקלט די נאַ־גייקע.

ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די אויסגעמאָרעטע פּנימער, קוקנדיק אויף זיי האָט עס אים דערמאָנט אין די גאָלדענע רינגעלעך, וואָס ער האָט פון אַ טייל קרבנות אַרויסגעצויגן און זיי באַצאָלט מיט וואַסערדיקע זופּן.

דאָ און דאָרט האָט שוין ווער אַנידערגעשליידערט דעם טעלער און זיך געכאַפּט מיטביידע הענט ביים קאָפּ. אַ צווייטער, פילנדיק די נאַגייקע, איז פאַר שרעק אַריינגעשפּרונגען אין אַ גרוב אָנגעפילט מיט רעגן־וואַסער. זיין אויסגעשריי, ווי ביי אַ געיאָגט עוף, האָט געצאַפּלט אין דער לופט.

אויפן הויף פון דער אַרישער קיך איז געשטאַנען אַ ריי דייטשע וואַכמייסטערס. דער רעגן איז ביי זיי געווען אַ שפּילעכל. זיי האָבן זיך גוטמוטיק געשטויסן, זיך געפּרוווט די מוסקולען, צעהירזשעטע אַרויסגעלאַכט. דערהערט געוואַלטן אין יידישן לאַגער, האָבן זיי אויסגעדרייט זייערע פלאַקסענע קעפּ, אַריינגעקוקט אין יידישן לאַגער מיט שפּיזיקע אויגן. אויף זייערע פּרצופים האָט זיך געשפּיגלט אַ ווילדע הנאה, זעענדיק ווי זייערע קרבנות ווערן געשמיסן דורך איי־גענע ברידער, איידער זיי באַקומען דאָס ביסל שיטערס.

ווען דאָס יידישע קיכן־פענצטערל האָט זיך ענדלעך געעפנט, האָבן זיך די איינגעגראָבענע קעפּ פון די געפּאַנגענע אַרויסגעהויבן פון זייערע טראַנטעס. זייערע איינגעשרומפּענע גופים זיינען גע־וואָרן אויסגעצויגענער. דער ערשטער ייד ביים קיכן־פענצטערל איז אַדורכגעשפּיזט געוואָרן פון צעצונדענע אויגן, וועמענס בליקן, ווי גלי־ווערימלעך, האָבן געצאַפּלט איבער זיינע הענט:

— וואָס וועלן זיי פון דאָרט אַרויסטראָגן ?

און ווען זיי האָבן שוין דערלעבט צו זען דעם ערשטן טעלער עסן, איז געוואָרן אַ באַוועגונג :

— אַ זופּ מיט פעל־קאַרטאָפל... אַ זופּ מיט פעל־קאַרטאָפל...

באַלד האט מען געזען פאַרבייטראָגן שיטערע זופּן פון געטריקנטע

בלעטער, אין די היטלעך — עטלעכע קאַרטאָפל אין שאָלעכץ. יעדע פּאָר קאַרטאָפל זיינען איבערגעציילט געוואָרן פון פרעמדע אויגן.

— עס קען נאָך אויספעלן...

— איצט טיילט מען גרויסע. ווער ווייסט, צי פּאַר אונדז וועלן נישט בלייבן די חזיר־קאַרטאָפעלעך ?

פון דער אַרישער קיך האָט מען אַרויסגעטראָגן ווייסע שיסלען רייז, באַלייגט מיט שטיקער איינגעקאָכט פלייש. די אויגן פון די יידן האָבן אָבער דאָרט נישט אַהינגעבליקט, נאָר געצאַפּלט איבער די היטלען, וווּ פון אַ פּאָר קאַרטאָפל האָבן זיך געשלענגלט דינע פּאַרעלעך.

אין באַראַק צוואַנציק איז דער לעצטער אַריינגעקומען דאָס קליינע משהלע. דאָס איז געווען אַ זעכצן־יאָריק יינגעלע. דער דאָ־שיק פון זיין קאַסקעטל איז תמיד געווען פאַרשיפּט צום לינקן אויער. איצט איז זיין קאַסקעטל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָסטבאַרן טעלער. אינעווייניק זיינען געלעגן פיר גרויסע קאַרטאָפל, האַלב אָפּגעשיילט, אַז מען האָט זיי אַרויסגעזען דאָס נאַקעטע לייב. משהלע האָט זיך אַ נערוועזער אַרומגעקוקט און געזען דעם טיש באַזעצט און באַלייגט מיט שאלעכץ. איין טאַבורעטקעלע איז נאָך געשטאַנען ליידיק. משהלע איז צוגעשפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן דאָס בענקעלע און עס צוגעטראָגן צו דער פּאָליצע. ער האָט אויסגערעכנט: די פיר קאַרטאָפל וועט ער איצט אויפעסן און די זופּ וועט ער זיך איבערלאָזן אויף שפּעטער. אָבער ווינאָר ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן טאַבורעטקעלע, האָט זיך דערהערט אַ קראַך. משהלע איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ טראַסק. די טעלער אויפן טיש האָבן אַ קלונג געטאָן. ער איז געבליבן זיצן אויף דער ערד, מיט פאַרביסענע ליפּן און צעפּאכעטע וויעס. זיינע קאַרטאָפל האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער פּאָדלאָגע און גלייך פאַרשוווּנדן געוואָרן אין פרעמדע טאַשן. זיין טעלער האָט זיך אַ ווייליקנע געלעגט איבערן באָדן און גע־

בליבן ליגן אַן איבערגעדרייטער. משהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט און ווילד גענומען לויפן איבערן באַראַק, שרייענדיק:

— מיינע קאַרטאָפל, מיינע קאַרטאָפל!

זיין קול, זיינע צוויי שרייענדיקע אויגן האָבן געשניטן ביים האַרצן. אַ צוויי־דריי געפּאַנגענע האָבן זיך אַוועקגעדרייט, קייענדיק משהלעס קאַרטאָפל מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי זיי וואָלטן געפילט אַן עקל צו זיך אַליין. אַ פאַרוויינטער האָט משהלע אַ כאַפּ געטאָן זיין ליידיקן טעלער און איז אַוועק אין דער קיך אַריין. צוריקגעקומען איז ער פון דאָרטן אַ צעשלאָגענער. ער האָט זיך מיט אַ מבולבל־דיקן בליק געדרייט איבערן באַראַק און געשאָלטן. ער האָט זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט ביי אַ צווייטן:

— דו האָסט גענומען מיינע קאַרטאָפל, דו האָסט גענומען מיינע קאַרטאָפל!

זיין פאַרקרומט פּנים האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער. דער הונגער און נאָך מער דאָס געלעכטער האָט אים אַרויסגעיאָגט פון באַראַק. עס האָט זיך ווער אויפגעכאַפּט אַ גערירטער און איז אים נאָכגעלאָפן מיט אַ קאַרטאָפל אין האַנט:

— נאַ, משהלע, נאַ משהלע!

— צו שפּעט... ביי די עלעקטריזירטע דראָטן... — איז דער וואָס איז נאָכגעלאָפן משהלען, צוריקגעקומען אין באַראַק אַריין אַן אויפגעשוידערטער מיטן קאַרטאָפל אין דער האַנט...

די ידיעה האָט אין באַראַק צוואַנציק אַרויסגערופן אַ טרויער. אַ מינוט־צוויי זיינען אַלע געבליבן זיצן פאַרשטומטע... אויפן היג־קענדיקן טאַבורעטקעלע האָט זיך משהלעס קאַסקעטל געוויגט אין ווינט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך די פענצטער מיט אַ געוואָי...

*

אַרום 9 אַזייגער אינאָווענט האָט זיך אָנגעהויבן די נאַכט. אין באַראַק צוואַנציק איז פינצטער. די לאַדנס — פאַרמאַכט. די שטרייפן ליכט, וואָס רייסן זיך אַריין דורך די לאָדן־שפּאַלטן, דערמאַנען אין

בלאַנקענדיקע מעסער־שאַרפֿן... דער רעגן האָט אויפֿגעהערט. אין דרויסן איז שטיל, אַ טורמע־שטילקייט אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה. פֿון צייט צו צייט וועקט דער ווינט אויף די איינגעדרעמלטע האַרבסט־ביימער. ער פּליקט פֿון זיי אָפּ די איינגעשרומפּענע בלעטער, טראָגט אַ ווײַלע די בלעטער אין דער לופֿט און שלײַדערט זיי דערנאָך אַראָפּ אויפֿן פֿייכטן באָדן. די ביימער צערווישן זיך, ווי זיי וואָלטן זיך געוועדט, ווי מענטשן, וואָס ווילן נישט אָוועקגעבן זייער אומשולדיק לעבן. דערנאָך ווערט ווידער שטיל.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר אין באַראַק צוואַנציק האַסטיק אויפֿגעפּראַלט. צוויי סאַניטאַרן האָבן אַרײַנגעפֿירט אַ מענטש מיט אַ געל־זאַכיק פּנים, בלויז ביינער. איין סאַניטאַר האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל און אויסגערופֿן:

— שטובן־עלטסטער, אויפֿשטיין!

אַ קאָפּ האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פֿון אַ שוואַרצער קאָלדרע. דער שטובן־עלטעסטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון זײַן געלעגער און זיך אָוועקגעשטעלט מיט באָרוועסע פֿיס פֿאַר די סאַניטאַרן, אויסהערן זייער באַפֿעל:

— דער מענטש איז פֿון דער „קראַנקן־שטובע". ער וועט פֿאַרטרעטן משהלען. איר וועט אים מוזן פֿירן און צוריקברענגען פֿון דער אַרבעט. דאָס אַלץ. גיי צוריק שלאָפֿן.

— און וווּ זאָל איך אים לייגן ביז מאָרגן פֿרי? משהלעס שטרויזאַק האָט מען צוגענומען און זײַנע ברעטער האָט מען צעגנבעט.

— אַ געשעפֿט, לייג אים דערווײַל אויף דרערד.

די טיר האָט זיך פֿאַרהאַקט. דער שטובן־עלטעסטער האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל און איז צוריקגעגאַנגען זיך אָוועקלייגן. דער קראַנקער האָט אין דער פֿינצטער דערטאַפּט אַ טאַבורעטקעלע. האָט ער זיך דערצו צוגעשאַרט. גאַנץ־לאַנגזאַם זיך געפּרוווט אַראָפּזעצן און דרימלען. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אָוועקגעזעצט האָט ער זיך אַ וויג געטאָן. און זײַן לעבן וואָס האָט געהאַנגען אויף אַ האָר, האָט זיך איבערגעריסן, געזונקען אין דרערד און געבליבן ליגן.

— קריפל, הער אויף צו פויקן! — האָט איינער אַראָפּגעשריגן פון זיין „קויקע".

פאַרטאָג. די שטערן אין הימל לעשן זיך שוין. דער סיגנאַל רייסט אויף פון שלאָף. אין דער פאַרטאָגיקער שטילקייט רייסט זיך אַריין אַ געזשומעריי פון פייפעלעך, וואָס בויערט אַדורך די אויערן. אין באַראַק צוואַנציק קריכן געפאַנגענע פון די בעטן, ווי לונאַטיקער פון לייטערס. דאָס איינציקע לעמפּעלע איז שוין אָנגעצונדן. אין איילעניש ציט מען אויף זיך אַרויף דאָס ביסל שמאַטעס. איינער משעפּעט צו זיינע נאָכהענגנדיקע האָלץ־זוילן מיט אַ פאַרזשאַווערטן דראָט. אַ צווייטער וויקלט זיך אַרום די נאַקעטע פיס מיט פּאַפּיר. די בעטן ווערן געמאַכט מיט אַזאַ מינע ווי מען גראָבט אַן אייגן קבר... אין די פינצטערע בעטן־דורכגענג קריגט מען זיך שוין איבער אַ שטרויעלע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף אַ קאָלדערע; איבער אַ פאַרבלאָטיקטן שוך, וואָס האָט איינגעטרעטן דעם ראַנד פון אַ בעט. עס ווערט אַ געלויף אין וואַש־באַראַק, זיך איינצונעצן די פאַר־שלאָפענע אויגן. דאָס ביסל שמוציקע קאַפע־וואַסער טרינקט מען שטייענדיק. די ראַציע ברויט, געוויקלט אין שמאַטעס, ווערט אויס־געפּאַקט. מען כאַפּט אַ בליק, צי זי איז נישט איבער נאַכט קלענער געוואָרן און מען פאַרוויקלט זי צוריק מיט ציטערנדיקע הענט. אין אַ ווינקל שטייט אַ יונגער סקעלעט און באַגנבעט זיין טאָג־לעבן, אָפּשניידנדיק פון זיין ראַציע ברויט אַ דין שניטקעלע, קייט עס אַזוי לאַנג, ביז דער שטובן־דינסט נעמט יאָגן פון באַראַק:

— אַרויס, אַרויס, מען דאַרף אויפרוימען די שטובע.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ ווערט אַ געלויף, כדי וואָס־פריער זיך איינ־צושאַפן די בעסערע שאָפלען, קרייץ־העק, האַמערס און זעגן. דער־נאָך גראָבן זיך אַריין די געפאַנגענע אין די באַראַקן־שפּאַלטן. שטייען דאָרט אָפּ האַלב־דרימלדיק, האַלב־וואַך ביי זייערע אַרבעט־כלים, ביז צום אַרויסמאַרשירן.

דער הימל קוקט נאָך אַריין אין לאַגער מיט אומהיימלעכע נאַכ־טישע אויגן. איינציקווייז ווערן די שטערנדלעך אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

דער הימל ווערט גרויער. שאָטנס פון בלוי־ראָזע וואָלקנדלעך צייכע־
נען זיך שוין אויפן ווייטן מזרח־האָריזאָנט. טאָג־פלעקן הייבן זיך אָן
אויסלייגן איבער די אומענדלעכע הימל־פעלדער, געקאַרבטע, ווי
אויפגעאַקערטע גרודעס ערד.

אין באַראַק צוואַנציק האָבן די צוויי שטובן־דינסטלער באַמערקט
אַ געפאַנגענעם ליגן אויסגעצויגן אויף דרערד. ביי זיין קאָפּ איז
געלעגן דאָס טאַבורעטקעלע מיטן הינקנדיקן פיסל, איבערגעדרייט
מיט די פיס אַרויף, ווי דער אַוועקגעפאַלענער.

— שטיי אויף מענטש! מען דאַרף אויסקערן, שנעלער, גיכער!

דער מענטש האָט זיך נישט גערירט. זיי האָבן אויפגעהויבן זיין
קאָפּ, איז ער מיט אַן אָפּהילך צוריקגעפאַלן אויפן פאַרקעט. די
שטובן־דינסטלער האָבן זיך איבערגעקוקט:

— ער איז טויט...

*

זונטיק איז דער פרימאָרגן געווען אַ כמורנער. אויפן הימל האָבן
זיך טונקל־ברוינע כמאַרעס געקנוילט. דאָ און דאָרט האָט אַ כמאַרע
געפלאַמט, ווי אַן ערדישע שרפה וואָלט זיך אין איר אָפּגעשלאָגן.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ זיינען אַרויסגעשטעלט: די בעטן, טישן, בענק
און טאַבורעטקעס. דאָס „מעבל" ווערט געוואַשן מיט אַזאַ גערויש,
אַז אַלץ אַרום איז פאַרטויבט פון די קולות. דאָ קריגט מען זיך
איבער אַן אויסגעטוישט ברעטל, דאָרט איבער אַ צעבראָכענע וואַנט
פון אַ בעט. אַנדערשווו איבער אַ צעפוילטן שטרויזאַק. פון אַלע זייטן
איז אַ געלויף מיט שיסלען וואַסער אין די הענט. מען טונקט די
באַרשטן, מען דרענגט די שמאַטעס. ביים וואַש־באַראַק ברענען אַלטע
צעפוילטע שטרויזעק. די רויטע פלאַמען לאָזן פון זיך אַרויס ווייסע
רויכיקע פאַסמעס, וויקלען זיך אין דער לופט, קרעלן אין דער קעל,
פאַרעיפּושן דעם אַרום און צעשפּרייטן זיך ווי אַ נעפּל, פאַרשטעלן
פאַרן אויג דעם אַנדערן וועלט־טייל, אַריבער די דראָטן... אין נעפּל
לויפן אַרום סאַניטאַרן מיט עמערס געלאָשענעם קאַלך אין די הענט

און כאַפּן קראַנקע אויסצושפּריצן די קלאָזעטן. די שטובן־מאַלער, אין ווייסע לײַוונטע בלוזקעס, אײַלן מיט עמערס פאַרבן, געמישט מיט אַש, איבערצושמירן די טירן פון די לײַכן־קאַמערן. די שוסטער מיט זעק אויף די אַקסלען טראָגן צום פֿײַער זייער אָפּפאַל. די שנײַ־דער שפּאַנען מיט שווערע זעק צעפּוילטע אָניצעס. די דאָקטוירים טראָגן אַרויס קעסטלעך מיט אײַנגעאײַטערטע פּאַפּירענע באַנדאַזשן און וואַרפן זיי אַרײַן אין פֿײַער צוזאַמען מיט די קעסטלעך.

אינעווייניק אין די באַראַקן האָט מען געוואַשן: די סופיטן, די ווענט, די פּאָדלאָגעס און די אַרויסגענומענע פענצטער. דער טומל איז געווען גרויס. עס האָט זיך געדוכט, אַז די אויפגעפּראַלטע טיר־ערן זײַנען אין דעם פּרימאָרגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שליוזן פון אַ מוטנעם טײַך. וואָס האָט דאָס אַלץ אַרויסגעוואָרפן און עס שווימט, עס בראָזשעט, עס שטראָמט איבערן אַפּעל־פּלאַץ און וועט באַלד מיטשווענקען די באַראַקן, ווי בעת אַ פאַרפלייצונג.

די „קאַפּאָס" האָבן אויך נישט גערוט. זיי זײַנען אַרומגעלאָפן מיט די נאַגייקעס אין די הענט און אונטערגעיאָגט, אַז די אַרבעט זאָל וואָס־גיכער געמאַכט ווערן.

אײַנציקווייז האָט זיך דער שטורעם אײַנגעשטילט. אַרום צוועלף איז אַלץ געווען פאַרטיק. אַן אָפּגעמאַטערטער האָט זיך דער עולם אויסגעזעצט בײַ די טישן. אַ טייל מידע קעפּ זײַנען אַוועקגעפאַלן און אײַנגעשלאָפן. אַנדערע זײַנען געזעסן און אַרײַנגעקלערט:

— מסתמא אַ גרויסע קאָמיסיע. — האָט אײנער משער געווען.

— ווער ווייסט, צי מען שיקט אונדז נישט אַוועק?... — האָט אַ צווייטער נאָכגעטראַכט.

— איך האָב געמיינט, אַז היינט־מאָרגן ציען מיר זיך שוין אַרויס פון די קברים; צום סוף ציען מיר זיך ערשט אויפסניי אַרײַן.

— ווער ווייסט ווי לאַנג די מלחמה קען נאָך געדויערן?...

— מען הערט דאָך גאָרנישט קיין נייעס. לעבעדיק באַגראָבן...

— ווער האָט עפּעס צו פאַרקויפן, חברה?

— איך האָב צו פאַרקויפן צוויי געשווירן, היטלערן געזאָגט.

— מען זאָגט, אַז מען וועט היינט אויסטיילן ס'מיטאָג צוזאַמען מיטן „פּאַסונג".

— בייס דיר בעסער אָפּ די צונג!

— וואָס איז היינט אויף מיטאָג?

— מען זאָגט, אַז מערן שווימען אַרום אין קעסל וואַסער.

דער באַראַק צוואַנציק איז זיך געזעסן ביי זיין טיש. די געפאַנ־גענע האָבן געגענעצט, געשפּיגן, געשאָלטן, זיך געריבן די שטערנס, זיך געקראַצט די לייבער, פאַרוואָרפן די קעפּ אויף די טישן. עס האָט עפּעס געפעלט, וואָס זאָל קענען כאָטש אַביסל פאַרטרייבן דאָס האַרץ־נאָגעניש... איינער האָט זיך דערמאַנט אין לייבלען.

— לייבל, דערצייל עפּעס אַ מעשה, אַ משל. דו האָסט דאָך געגנוג די סחורה.

— עס משלט זיך מיר אין קאָפּ, אין די קישקעס. — האָט לייבל געזאָגט, זיך קראַצנדיק זיין גאָמבע, וועלכע האָט אַמאָל געהאַט אַ בערדל.

נאָר אַז אַנדערע זיינען אויך צוגעשטאַנען, האָט זיך לייבל גע־לאָזט איבערעדן. ווען ער האָט זיך פאַרקוקט צום פענצטער, פאַר־מאַכנדיק זיין רעכט אויג, זיינען אַלע שטיל געבליבן.

„אַ דאָרפס־מאַן איז אַמאָל אָנגעקומען אין אַ גרויסער שטאָט און דאָרט געטראָפן אַ טומל ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש. ער האָט זיך דערוווסט, אַז דעם פּריצס בת־יחידה איז שטערבלעך קראַנק אויף אַ מכה אין האַלדז און קיין שום דאָקטאָר קען איר נישט העלפן. האָט ער נישט לאַנג געקלערט, אַוועק צום פּריץ און געמאָלדן, אַז ער נעמט זיך אונטער אויסצוהיילן זיין בת־יחידה. ער האָט זיך געהייסן דער־לאַנגען אַ טאָרט און אָנשטאָט אַ קליין גאָפּעלע — אַ ווידלע, וואָס מען נוצט אויפצושטעכן היי. דעם פּריצס טאָכטער, הערנדיק, אַז דער דאָרפס־מאַן הייסט איר אויפעסן דעם טאָרט מיט אַזאַ גרויסע ווידלע, האָט זי זיך אַזוי שטאַרק צעלאַכט, אַז די מכה אין האַלדז איז איר געפּלאַצט און זי איז גלייך געזונט געוואָרן.

די שמחה דאָרט איז געווען גרויס. דער פּריץ האָט אים ממש

געוואָלט אָפּגילדן. נאָר דער דאָרפס־מאַן האָט אָפּגעזאָגט. ער האָט בלויז געבעטן, אַז דער פּריץ זאָל מיט אים מיטשיקן אַ רייטער. און מאָרגן וועט ער זיך אויפכאַפּן כעלות השחר און נעמען לויפן. וויפל וויאָרסטן ערד ער וועט איבערן טאָג אָפּלויפן וועלן זיי אים געהערן. דער פּריץ האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויס דערשטוינונג, אָבער ער האָט מסכים געווען צו דערפילן זיין בקשה.

צומאָרגנס, ווי נאָר דער מאָרגן־שטערן איז אויפגעגאַנגען, האָט זיך דער דאָרפס־מאַן אויפגעכאַפּט און גענומען לויפן. דער רייטער — נאָך אים. זיינע מיד־געוואָרענע פיס האָט ער כסדר אונטערגעיאָגט, טראַכטנדיק, אַז דורך דער שעה פון אָפּרו, קען ער דערווייל אָפּלויפן אַזאַ מהלך, אַז עס זאָל סטייען אויפצושטעלן בנינים פאַר הייליק־טימער און פאַר נויטבאַדערפטיקע. ווען דעם דאָרפס־מאַן איז באַפאַלן אַ הונגער, האָט ער איינגעשטילט זיין מאָגן מיט אַ צוזאָגעניש, אַז מאָרגן וועט ער שוין עסן אַ יום־טובדיק מיטאָג. היינט איז אַ שאָד די צייט. איז דער דאָרפסמאַן אַ גאַנצן טאָג געלאָפן און בעת די זון האָט זיך געזעצט, איז ער אַנידערגעפאַלן און אָפּגעשטאָרבן. פון דעם גאַנצן שטיק ערד, וואָס ער איז איבערן טאָג אָפּגעלאָפן, איז אים נישט מער געבליבן ווי פיר איילן..."

לייבל איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן טיש און געזען, ווי די יידן זיינען געזעסן פאַרגאַפטע, קוקנדיק אויף אים. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיי און זיך אַליין אויף אַ ווײַלע געמאַכט פאַרגעסן אין דעם לאַגער־לעבן.

„דאָס יידן איז דער משל. און דער נמשל, דער נמשל איז אַלעמאָל ביי מיר געווען אַ רמז אויפן מענטשלעכן לעבן. דער מענטש האַלט אין איין אַרומהאַווען דאָס גאַנצע לעבן, נעמט זיך נישט קיין צייט אַפילו צום עסן און צום סוף בלייבט ער ביי פיר איילן ערד. היינט וויל איך דעם נמשל צופאַסן צו המן ימח שמו. מיר הערן דאָך, אַז ער לויפט אין רוסלאַנד. איינער זאָגט, אַז ער איז שוין ביי מאָסקווע, אַ צווייטער, אַז ער איז שוין אין סטאַלינגראַד. און איך זאָג אייך, אַז ער וועט נישט מער איינגעמען ווי פיר איילן ערד".

אַלע ביים טיש האָבן אָנגעקוואָלן פון לייבל אורבאַכס משל און נאָך מער פון זיין נמשל. אויף די פּאַרטרוקנטע, בלאָע ליפּן פון די סקעלעטן־מאַסקעס האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. פון זייערע טיפע אויגן־לעכער האָט אַרויסגעשיינט אַ נייער גלאַנץ.

פּלוצלונג האָט זיך געהערט אַ בראַזג פון צעבראָכענע שויבן. קעפּ האָבן זיך אומגעדרייט. פיס האָבן זיך שווער געהויבן פון די טישן און באַלד איז געוואָרן אַ געלויף.

דער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים באַראַק צוואַנציק. פאַרן איינגאַנג איז געלעגן אַ פענצטער מיט אויסגעהאַקטע שויבן. אויפן גראָז ביים פענצטער — שטיקלעך גלאָז. פון באַראַק האָבן זיך אַרויס־געהערט מוראדיקע קולות. נאַגייקעס האָבן אינעווייניק געפּיפן מיט אַ געוואַי... חיים לאַנדעס, אַ מענטש אין די פופציקער יאָרן, אַ געוועזענער סוחר פון אַ פּויליש שטעטל, איז אינעווייניק געשטאַנען מיט אַ צעפּאַסעוועט פנים פון נאַגייקעס. פון זיינע פינגער האָבן בלוט־טראָפּנס געטריפט. זיין געבראָכענע שטימע האָט זיך אַרויס־געהערט :

— איך שווער אייך ביי אַלעם, וואָס איז מיר הייליק, אַז דאָס איז נישט מיין שולד. דאָס פענצטער האָט זיך מיר אַרויסגעגליטשט פון די הענט. מיר זיינען אַלע שוואַך אין די הענט. מיין טאַבורעט־קעלע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

— מיר קענען די קאָמבינאַציעס. — האָט מען דערקענט דעם לאַגער־אָרדענערס קול — טויטן־מאַסקע, דו ווילסט מען זאָל דיר טוישן די „קאָמאַנדאָ“, האָסטו אַוועקגעוואָרפן דאָס פענצטער צו ווייזן, אַז דו ביסט שוואַך. ועסט זיך שוין ביי מיר אויסרוען אויף יענער וועלט. „קאַפּאָס“, וואָס שטייט איר לײדיק ?

און באַלד האָבן זיך די נאַגייקעס ווידער צעפּיפן. חיים לאַנדעס געוואַלדן זיינען געקומען פון דער פּאָדלאָגע... די אייננווינער פון באַ־ראַק צוואַנציק זיינען געשטאַנען מיט אַ טויטשרעק אין די אויגן. אין חיים לאַנדעס געוואַלטן האָבן זיי דערפילט די מורא פאַר זייער אייגן לעבן...

— ווער ווייסט, וואָס מיר וועלן האָבן ? די געשיכטע איז נאָך נישט געענדיקט... — האָט איינער פון באַראַק צוואַנציק אַרויסגע־רעדט און אָנגעוואָרפן אַן אימה.

מיט צעהיצטע פּנימער האָבן זיך דער לאַגער־אָרדנער מיט זיינע שלעגערס אַרויסגעלאָזט פונעם באַראַק. דער פּאַרזאַמלטער עולם איז זיך צעלאָפן. בלויז די געפאַנגענע פון באַראַק צוואַנציק זיינען געבליבן שטיין. און ווי נאָר די „גרויסע מאַכט" איז אַוועק, האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזט אין באַראַק, אויפגעהויבן חיים לאַנדעס פון דער ערד.

— מאַכט נאַס אַ האַנטעך און בינדט אים דעם קאָפּ ! — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן און קיינער האָט זיך נישט גערירט.

— קאַלטע קאָמפּרעסן, קאַלטע קאָמפּרעסן ! — האָט מען גע־וואַלדעוועט און קיינער האָט נישט געגעבן קיין האַנטעך.

— מען דאַרף אָפּוואַשן די בלוט־פלעקן פון דער פּאָדלאָגע. די קאָמיסיע קען באַלד אָנקומען.

בערל שניידער האָט פון חיים לאַנדעס טאַש אַרויסגעשלעפּט אַ האַנטעך. ער איז אַרויסגעלאָפן און געברענגט אַ שיסל וואַסער, צוגע־לייגט צו חיים לאַנדעס קאָפּ אַ נאַסן קאָמפּרעס. דערנאָך האָט ער איינגעטונקען זיינע הענט אין דער שיסל. דאָס וואַסער איז רויט גע־וואָרן פון בלוט. איינער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער שיסל אַ שטיקל גלאָז. צוויי מאָן האָבן אונטערגעהאַלטן חיים לאַנדעס קאָפּ.

— נו, ווי פילסטו זיך ?

— אַ טאַבורעטקעלע פאַראַן ביי אונדז מיט אַ הינקענדיקן פיסל.

— האָט חיים לאַנדעס קוים אַרויסגעהוסט.

שטייענדיק אַזוי איבער חיים לאַנדעסן, גערירט פון זיינע ווונדן, וועלכע האָבן געשניטן ביים האַרצן אַלע איינוווינער פונעם באַראַק, איז מיט שטורעם אַריין דער סאַניטאַר און אויסגעשריען :

— באַראַק צוואַנציק גיט אַלע אַהער די עס־קאַרטן, איר באַקומט היינט נישט קיין מיטאָג.

די הענט, וואָס האָבן חיים לאַנדעס אָקאָרשט געהאַלטן, האָבן זיך

לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט. היים לאַנגדעם קאָפּ האָט אַ הילך געטאָן אויפן דיל. די קאַצעטלער זיינען אַ ווײַלע געשטאַנען פאַרשטומטע, מיט שרײַ‑ענדיקע בליקן... בעת דער סאַניטאַר האָט איבערגעציילט די קאַרטן, האָבן די קאַצעטלער געפילט, ווי ער ציילט זייערע שעהן לעבן. דער סאַניטאַר איז אַוועק. עס איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון פאַר‑צווייפלטע קולות. יעדער איז זיך צעלאָפן אין אַן אַנדערן ווינקל שרייענדיק:

— איבער אים וועט מען נישט באַקומען קיין מיטאָג.

— אַ פאַרשאָלטענער באַראַק.

— אַלע אומגליקן טרעפן אונדזער באַראַק.

— היינט איז גראָד דאָ בייגער אין מיטאָג.

— מיר, אָפּגעמאַטערט זיך אַ גאַנצן פרימאָרגן, אַרויסגעשלעפּט זיך די קישקעס און איצט גיי פאַסט אָפּ ביז מען וועט אויסטיילן די „פּאַסונג“.

— מען קען דאָך משוגע ווערן, משוגע ווערן! — האָט איינער פון אַ ווינקל אַרויסגעוויינט.

בערל שניידער איז געבליבן שטיין אין מיטן באַראַק אַ פאַר‑צווייפלטער. ער האָט באַטראַכט דעם קרבן אויף דער ערד.

— מען גייט אינדרויסן! — האָט איינער אויפגעצאַפּלט. — מען קען נאָך באַשטראָפט ווערן, פאַר וואָס מען איז צו פרי אַריין אין באַראַק.

— מיר איז אַלץ איינס. — האָט זיך וואָן דעקאָז, אַ האָלענדי‑שער ייד אַראָפּגעלאָזט אויף דרערד און געפּרווט איינדרימלען מיטן קאָפּ אָנגעלענט אין דער וואַנט.

זעענדיק וואָן דעקאָזן זיך אַוועקזעצן, האָבן זיך שוין אַנדערע אויך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע. זיי זיינען געבליבן זיצן מיט פאַר‑וואָרפענע קעפּ אויף די ווענט און האָבן אויסגעזען ווי אַ מחנה אָפּגע‑שליסענע וואַנדערער, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם וועג צום לעבן...

פּלוצלונג האָט זיך בערל שניידער אַרומגעקוקט און זיין בליק איז געפאַלן אויפן טאַבורעטקעלע מיטן הינקענדיקן פיסל. אויפן ברעטל

האָבן זיך געצייכנט נאַסע פיס־טריט און עטלעכע בלוט־פלעקן. ער האָט אויף גיך געכאַפּט אַ שמאַטע און אָפּגעוואַשן דאָס ברעטל. וואַשנדיק האָט ער באַמערקט ווי דאָס טאַבורעטקעלע הינקט אונטער.

ער איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט. ערשט איצט האָט ער זיך דערמאַנט, אַז חיים לאַנדעס האָט אָנגעוויזן אויף דעם טאַבורעטקעלע. ער האָט זיך דערמאַנט וויפל אומגליקן זיינען שוין פאָרגעקומען אין באַראַק צוליב דעם הינקנדיקן פיסל און קיינער האָט נישט געהאַט קיין כוח זיך צו פאַרנעמען אפילו מיט אַזאַ קלייניקייט. און ווי ער וואָלט זיך עפּעס געפילט שולדיק פאַר די אַלע טויטן, איז בערל שניידער האַסטיק אַרויסגעלאָפן פון באַראַק און צוריקגעקומען מיט אַ שטיין און מיט אַ שפּענדל.

און בעת בערל שניידער האָט אַריינגעקלאַפּט אַ שפּענדל אין הינקענדיקן פיסל און דאָס טאַבורעטקעלע איז געבליבן שטיין אַן אויסגעגלייכטס, האָבן כמעט אַלע זיך אויפגעכאַפּט, זיך אָנגעקוקט מיט אָפענע מיילער און פאַרגאַפטע אויגן... די געפאַנגענע האָבן מיט־אַמאָל דערפילט, אַז נישט בלויז אין דרויסן, ווו שוואַרצע רויך־קנוילן קריכן אַרום ווי שלאַנגען, לויערט אויף זיי דער טויט, נאָר אַפילו דאָ, אין באַראַק, הענגט זייער לעבן אויף אַ שפּענדל...

# אויסגעווארצלטע

.1

דער האָטעל-לוטעציאַ אויף בולוואַר ראַספּאַיל, וואָס האָט אין רואיקע צייטן מיט זיין לוקסוס אַריינגעלאָקט אויסלענדישע געסט מיט וועלט-נעמען, איז נאָך דער באַפרייאונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „פאָלקס-הויז", אויפצונעמען די אָפּגעראַטעוועטע האַלבע-מתים, די צוריקגעקומענע פון היטלערס גיהנום.

אין יענע טעג איז דער בולוואַר ראַספּאַיל געווען אַזוי רוישיק און באַלעבט, אַז דער איינגאַנג צום האָטעל-לוטעציאַ האָט דערמאַנט אין אַ באַלאַגערטער פעסטונג.

עס האָבן זיך דאָ אַרומגעשלייכט : עלנטע מענער, אַליין-געבלי-בענע פרויען און פאַריתומטע קינדער. דאָ ביים האָטעל-לוטעציאַ האָבן זיי געזוכט די לעבנס, וואָס מען האָט בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אַוועקגעפירט אין פּלאָמבירטע לאַסט-וואַגאָנען אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג...

פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט זיך אַ פאַר-שידנפאַרביקע מאַסע געדרענגט אויף דעם בולוואַר און מיט לויערנ-דיקע, בעטנדיקע בליקן אַריינגעקוקט אין דער ווייטקייט...

די צעטומלטע מענטשן זיינען געלאָפן אַהין-און-צוריק, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אויף אַ ברעג, אַריינגעקוקט אין אַ ים, וואָס האָט

איינגעשלונגען שיפן מיט מיליאָנען לעבנס און אָפּגעוואָרט אַ רע־טונגס־שיף, מיט דער האָפענונג, אַז זי וועט וועמען צוריקברענגען אַ לעבעדיקן פון שוואַרצן תהום...

די רעטונגס־שיף אויף דעם טרוקענעם פּאַס ערד, אין דער פאָרם פון אַ טונקל־גרינעם אויטאָקאַר, האָט יעדע שעה געבראַכט אַ פרישן טראַנספּאָרט אָפּגעראַטעוועטע.

ווי נאָר דער אויטאָקאַר האָט זיך באַוויזן פון ווייטן, איז די מאַסע געוואָרן געדיכטער און ווילדער. פון די שכנותדיקע קאַפּע־טעראַסעס זיינען מענטשן געקומען אַנצולויפן ממש ווי משוגעים. מיט די עלנבויגנס, ווי מיט רודערס, האָבן זיי זיך אויסגעקעמפט אַ וועג צום האָטעל־לוטעציאַ. מען האָט זיך געטראָטן אויף די פיס און נישט געשפּירט קיין ווייטיק. איינער האָט אין געדראַנג גע־שלעפּט דעם צווייטנס מלבוש. אַ קינדער־הוטעלע איז אַריין אין דער מאַסע און געשווומען פון האַנט צו האַנט.

פון קעגנאיבערדיקן גערטנדל האָט זיך אַ כוואַליע געטאָן אַ פרישער מענטשן־שטראָם, וואָס האָט דאָרטן אַ גאַנצן טאָג אָפּגע־וואַרט די אויטאָקאַרן און דערווייל זיך איינגעאָרדנט אויף די בענק אַ צייטווייליק לעבן. בעת אַזאַ געלויף זיינען אויף די בענק געבליבן ליגן אָפענע טישטעכלעך מיט עסנוואַרג, וואָס זיינען באַפאַלן געוואָרן פון אָנפליענדיקע פייגל. פון די מעטראָ־אויסגענג האָבן זיך אַרויס־געכוואַליעט מענטשן פון נאָענטע און ווייטע קוואַרטאַלן. מיט האַס־טיקע טריט, מיט אַ פאַרצאַפּלטן אָטעם האָבן זיי גענומען אונטער־לויפן צום האָטעל־לוטעציאַ.

קינדער, וויינענדיקע, האָבן זיך נאָכגעשלעפּט פראַנצויזישע פרויען, וואָס האָבן זיי מלחמה־צייט געהאַט אויסבאַהאַלטן. פויער־טעס פון דערפער זיינען דאָ אַהערגעקומען אָפּגעפונען די עלטערן פון הפקר־געוואָרענע קינדער, וואָס האָבן אַליין נאָכגעטראָגן זייערע גע־בעכדיקע פּעקלעך. די בהלה דאָ איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער פאַר־קער אויפן בולוואַר האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. די קולות פון דער

מאַסע און דאָס געפּייפּעריי פון פּאָליציייאישע פּייפלעד האָט פאַר־טויבט די אַרומיקע לופט.

פון האָטעל־לוטעציאַ האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ גרופּע אָרדענער מיט רויטע לענטעס אויף די אַרבל און געבילדעט אַ קייט פון הענט צי האַמעווען דעם צעברויזטן עולם. יונגע סקויטן, אין כאַקי־אַנצוגן, אין רויטע־שאַלן, צעוויקלט אַרום די העלדזער, זיינען אַקעגנגעלאָפן דעם אָנפאָרנדיקן אויטאָקאַר, וואָס האָט זיך קוים־קוים גערירט אויפן אַספאַלט, ריטשנדיק מיט זיין סיגנאַל־טרובקע.

בעת דער אויטאָקאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיינען צוערשט אויסגעשטיגן צוויי אַלטע נאָנעס, אין שוואַרצע בגדים, מיט שטייפע, ווייסע, ריפּסענע קראַגעלעך אויסגעלייגט ברייט, פון די העלדזער ביז צו זייערע באַזילבערטע קעפּ.

די צוויי נאָנעס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים אויסגאַנג פון אויטאָקאַר און יעדן דעפּאָרטירטן ביים אַראָפּשטייגן קוים־קוים באַ־רירט ביים אַקסל, ווי מען באַרירט אַ הייליקן. דערנאָך האָבן זיי אים איבערגעגעבן די סקויטן, וואָס האָבן דעם אָפּגעראַטעוועטן אַריינגע־פירט מיט לאַנגזאַמע טריט אין האָטעל־לוטעציאַ. אַנדערע סקויטן האָבן אים נאָכגעטראָגן דעם „באַגאַזש“, צוזאַמענגעקליבן פון פראַנקרייכס „אויפנאַם־צענטערן“.

אַרום דעם אויטאָקאַר האָבן מענטשישע קולות געשאָרעוועט ווי אַ וואַסערפאַל. יעדער אָפּגעראַטעוועטער קרבן איז דאָ באַטראַכט געוואָרן פון לויערנדיקע אויגן, באַרירט געוואָרן פון ציטערדיקע הענט, באַוואָרפן געוואָרן מיט פראַגעס. די מאַסע, ווי איין אויסגע־בענקט, אויפגעציטערט האַרץ, האָט זיך צוזאַמענגעקנוילט און מיט אַ צאַפּל זיך אַריינגעקנאָטן אינעם גוף פון יעדן אָפּגעראַטעוועטן. נעמען פון אומגעקומענע, אַרויסגעזאָגטע מיט אַן אָנגעגליטן אָטעם, האָבן דאָ געשוועבט אין דער לופט און זיינען, ווי אָפּגעקרישלטע נעמען פון מצבות, צוגעפאַלן צו אבלדיקע טריט. דאָ און דאָרט האָבן זיך אַנטוישטע געווישט די אויגן... מענער זיינען געבליבן שטיין

מיט אויפגעריסענע בליקן און האָבן זיך פאַר צער געבראָכן די הענט. אומהיימלעכע מחשבות האָבן געדזשאָביעט שטיקער מאַרך...

די דעפּאָרטירטע, צעטומלטע, מיט צעריסענע בליקן, אין לויזע אָנצוגן, מיט אָנגעשוואָלענע קעפּ, וואָס דערמאָנען אין אָנגעבלאָזענע באַלאָנען, האָבן געקוקט, איבעראַשטע און צווייפלדיקע, אין דער מאַסע אַריין... אַ פאַרבאָרגענע פרייד צו זיין צווישן די לעבעדיקע און אַ שאַרפער פּחד נישט צו בלייבן עלנט האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן... זייערע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן. איין מויל־ווינקל האָט געשמייכלט; דאָס צווייטע האָט געוויינט...

אין דעם טראַנספּאָרט פון די צוריקגעקומענע האָט זיך אויך גע־פונען עליאַש ריינהאַרץ. ער האָט אַמאָל געהערט צו דער קאַטעגאָ־ריע אָוונט־שרייבער. ביי־טאָג איז ער געווען געצוווּנגען זיך צו פאַר־נעמען מיט אַ פיזישער אַרבעט און אָוונט־צייט, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, האָט ער געשריבן קורצע נאָוועלן, וואָס ער האָט פון צייט־צו־צייט פאַרעפנטלעכט. עליאַש איז אויסגעשטיגן פון אויטאָ־קאַר. מיט זיין לאַנג אויסגעצויגן געלבלעך פּנים, מיט די בולט־אַרויסגעטיילטע קינען, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונגער איוב. אין זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן, ווי אין צוויי אָפּגרונטן, האָבן זיך צו־זאַמען מיט זיינע אייגענע ליידן אויך אָפּגעשפּילט די יסורים פון יענע, וואָס זיינען אין די לאַגערן אויסגעגאַנגען... אויף זיין שטערן האָבן זיך דריי טיפע קאַרבן אויסגעלייגט, ווי זיי וואָלטן געווען גע־קריצט אויף מאַרמאָר. זיין קאָפּ האָר האָט נאָך פאַרמאָגט די „לאַגער־פריזור" — אינמיטן אויסגעגאָלט און אַרום ווילד באַוואַקסן. ביי די שלייפן זיינען די האָר זיינע געווען ווייס, ווי ביי אַ זקן. מיטן רוקזאַק אויף די פּלייצעס, אנגעלעגט אויף אַ שטעקן האָט עליאַש נאָכגעשלעפּט זיינע פיס, געשוואָלענע, באָרוועסע, אין אַ פּאָר סאַנדאַלן.

ער איז שטיינגעבליבן אַן אויפגעטרייסלטער. ער האָט אַריינגע־קוקט אין דער מאַסע, וואָס איז מיט מאָנענדיקע בליקן באַפאַלן דעם אויטאָקאַר. יעדעס פּנים האָט ביי אים אויסגעזען, ווי אַ באַ־וועגלעכער, טריבער פייזאַזש נאָך אַ מבול... עס האָט אים גענומען

בלענדן פאַר די אויגן... אַ מינוט האָט ער אויפגעהערט זען פּנימער. ער האָט נאָר געהערט קולות, אויפגעכאַפּטע ליניעס, פאַרקרומטע מענטשלעכע באַוועגונגען. אין דעם מאַסן־בילד האָט ער דערזען דעם יידישן חורבן. צעשטערטע היימען. צעריסענע לעבנס. שפּליטערן פון נשמות. פאַריתומטע קינדער. אויסגעשמערקטע הענט און הענט־לעך. אויגן פון אלמנות, וואָס זוכן נאָך זייערע מענער. דאָס איצטיקע בילד נאָכן חורבן האָט עליאַשן מער אויפגעטרייסלט, ווי די טויטן־סצענעס אין לאַגער. זיינע אויגן האָבן עפּעס מאָדנע געגליט, ווי זיין אומרו וואָלט זיך נאָך נישט געוועזן איינגעשטילט אין דער באַ־פרייאונג. ער האָט געפילט, ווי ער איז נאָך אַלץ אַ געפאַנגענער.

אים, עליאַשן, האָבן צוויי סקויטן געפירט געאָרעמט. זיין גאַנג איז געווען אַ שווערער, אַ געלאַסענער. זיינע אויגן האָבן ווילד גע־צאַפּלט. ער האָט אין דער מאַסע אַרומגעזוכט זיין פרוי און קינ־דער. די סקויטן האָבן אים געפירט אין אַ גלייכער ריכטונג, נאָר עליאַש האָט געוואָרפן זיין קאָפּ אויף רעכטס און לינקס און מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם גערופן:

— ר—חל! דינה—לע! יאַ—קוב!

פרעמדע קולות האָבן אים געענטפערט. אין האַרצן איז אים גע־וואָרן הויל...

ער האָט זיין קאָפּ כסדר געהאַלטן אויסגעדרייט צו דער מאַסע, ביז די טיר האָט זיך פאַר אים פאַרמאַכט.

אין האָטעל־לוטעציאַ האָט געהערשט אַ גערויש, אַ באַוועגונג, ווי אין אַ טומלדיקן, גרויסשטאָטישן וואָקזאַל. דעפּאָרטירטע שלייכן זיך אַרום, אַנגעשטעלטע לויפן אַהין־און־צוריק. טירן דרייען זיך ווי ווינט־מילן. יונגע מיידלעך, מיט ליסטעס אין די הענט, שוועבן אַרום מיט צעפלאַמטע באַקן, צעלאָזענע האָר. סקויטן שלעפּן וואַליזעס און רוקזעק מיט צעשויבערטע אויפגעקודלעטע טשופּרינעס. עלטערע פרויען, מיט קאָלירטע בלייערס אַריינגעשטאָכן אין געפאַרבטע האָר, אין העלע זומער־קליידער, פירן אַרום די צוריקגעקומענע אין פאַר־שידענע אָפּטיילונגען. עלטערע, עלעגאַנטע מענער, וואָס מען וואָלט

זיי, לויט זייער חשיבותדיקן אויסזען, גאַנץ־לייכט געקענט אָנעמען פאַר געסט פון האָטעל־לוטעציאַ, פאָרן זיך איצטער אַרום ווי הכנעה־דיקע דינער. די טעלעפאָן־אַפּאַראַטן קלינגען כמעט אָן איבעריים. אָפּגעהאַקטע זאַצן אין יידיש הילכן אַריין און אַרויס פון די אָנגע־שטאָפּטע זאַלן. אַלע שטיגן זיינען באַלייגט מיט דיוואַנען און מיט פיס, וואָס הויבן זיך אַרויף און לאָזן זיך אַראָפּ.

אין די לאַנגע קאָרידאָרן זיינען אויסגעשטעלט צענדליקער טאָווּ־לען, גרויס ווי מצבות. אויף די טאָוולען זיינען געדיכט אויסגעקלעפּט פאָטאָגראַפיעס פון פאַרשוואונדענע, וואָס ווערן געזוכט דורך די על־פי־נס לעבנגעבליבענע. דאָס איז געווען ווי אַ מאגונג צוריקצוגעבן די קרבנות פון גיהנום, וואָס די נעכטיקע מאַכט האָט, אנגעהויפטע אין בהמה־וואַגאָנען, געפירט צו פאַרניכטונג. די פיר גרעסטע שטעט פון „טויטע נפשות" זיינען דאָ: אוישוויץ, בוכנוואַלד, טרעבלינקע און מאַידאַנעק. זייערע טאָוולען זיינען געדיכט באַלייגט מיט מענטש־לעכע שאַטנס.

צו די טאָוולען קומען צו דעפּאָרטירטע מיט געהאַמעוועטע טריט. בלייבן דאָ שטיין פאַרציטערטע ווי פאַר אַן אָפן קבר.

פון די טאָוולען שמייכלען אַראָפּ ליכטיקע אויגן פון יונגע בחורים, יונגע רייצנדיקע מיידלעך, וועמענס בלאַנקנדיקע ציינער שניידן זיך אַריין, ווי אַ שטאָלענער קאַם, אין האַרצן פון די צוקוקער. עלטערע און יונגע יידישע מאַמעס — קוקן אַראָפּ מיט אָפענע צופרידענע אויגן פון אַ רואיקער צייט, ווען זיי האָבן אפילו נישט געאַנט, אַז עפּעס ענלעכעס וועט פאָרקומען אויף דער וועלט. יונגע און אַלטע מאַטעס, וואָס האָבן אָפּגעהאָרעוועט אַלע זייערע יאָרן, כדי עפּעס צו דערגרייכן... קינדער מיט די ערשטע אויפגעקעמטע שרונטן, מיט אַ שטאָלצער מינע אויפן פּנימל, וואָס מען האָט זיי שוין אַריינגע־פירט אין דער וועלט פון דערוואַקסענע... יונגיטשקע עופהלעך, מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, אויסגעלייגטע אויף אַ ווייס פוטער־פעלכל מיטן ערשטן אָפּגעלייגטן לאָק אויפן שטערן. ביי די קינדערס קעפּלעך — אַ פּאָר ציטערנדיקע מאַמישע הענט...

אַרום די טאָוולען הערט מען שטימען:

— אָט איז מיין מאַן! אפשר דערקענט אים ווער?...

— מיין פרוי! אפשר ערגעץ ווו באַמערקט?...

— מיין זון! קיינער נישט?...

— מיין טאָכטער! וועל'ך זי שוין נישט זען?...

— וואָס האָט מען געטאָן מיט מיינע שוואַלבן?

די צוריקגעקומענע קוקן זיך אין די אויגן אַריין מיט אַן אויס-דרוק ווי זיי וואָלטן געטראַכט, אַז אַ האָר האָט געפעלט, מען זאָל זיך אויף זיי אויך פרעגן און נישט באַקומען קיין ענטפער...

*

דער סאַלאָן, וואָס איז איצטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרטע-זאַל פאַר די לעבנגעבליבענע, איז איבערפולט. די ווענט, באַ-שלאָגן מיט אַ רויט-געבלימלטן סאַטין, זעען ערטערווייז אויס ווי קאַ-לירטע קישעלעך, אויף וועלכע מידע קעפ הענגען אויסגעסדרטע אין אַ גלייכער ליניע, ווי מאַסקעס פון סקעלעטן. די גרויסע קאַנדע-לאַברעס, מיט די לאַנגע שמאָלע פריזמע-גלעזער, וואָס וואַרפן פון זיך אַרויס דעם אָפּשיין פון גליענדיקע, פאַרביקע פערל, לאָזן זיך אַראָפּ פון די געוועלבטע סופיטן, אָנגעצונדענע אין שיינעם העלן טאָג. אין די ווייך-געבעטע פּליושענע פאָטעלן זיצט אַ טייל פון די אָפּגעראַטעוועטע און דרימלט. אַנדערע פאַרשרייבן זיך אַדרעסן פון משפּחה און באַקאַנטע, מיט אַ ציטער צי זיי זיינען דאָ... די גרויסע ווענעציאַנישע פענצטער זיינען ברייט צעעפנט צום רוישיקן בולוואַר. אַ לייכט מחיהדיק ווינטל שפּילט זיך מיט די קרעמקאָלירעקע גאַר-דינען און מיט די פאַלדן פון די באָרדאָ טאָפּלט-פאָרהאַנגען, איינגע-קלאַמערטע אין באַגילדעטע רינגען. עס קומען נאָכאַנאַנד צו אין וואַרטע-זאַל אויסגעמאָרעטע מענער און פרויען. די וואָס האָבן נישט מער קיין זיץ-פּלאַץ לאָזן זיך אַראָפּ אויפן באָדן. און דער פאַרקעט דאָ, איבערגעצויגן מיט אַ פאַרבנרייכן פערסישן דיוואַן.

איז פאַר זיי לגבי די נאַציִשע לאַגער־געלעגערם, ממש אַ דערקוויי־קונג.

אָבער נאָך מער אַנטשפּאַנונג ווי דער וואַרטע־זאַל, איז פאַר די צוריקגעקומענע דער קאַפע־סאַלאָן. יונגע, שיינע פּאַלקס־מיידלעך, מיט ווייסע געשפּיצלטע „קוראָנקעס" אויף די קעפּ, אין קורציגקע ווייסע שירצלעך, ביז נאָך דער טאַליע, טענצלען אַרום מיט ריטמישע טריט איבערן סאַלאָן. מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּן סער־ווירן זיי טיי אָדער קאַפע אין געבלימלטע כינעזישע טאַסן און נאַשוואַרג אויף קליינטשיקע באַזילבערטע טאַצן. די מיידלעך דאָ, וואָס האָבן זיך פרייוויליק צוגעשטעלט צו סערווירן די געליטענע, בעטן זיך ממש איין, אַז מען זאָל נאָך עפּעס באַשטעלן. זייער צאַרטע באַהאַנדלונג, נאָך אַזויפיל אכזריות, הייטערט אויף די אויסגעפּייניקטע:

— שאַרל, האָק אַריין פאַר דער גאַנצער צייט.

— ס'שמעקט מיר שוין נישט קיין זיסקייט.

— מענדל, ביי דער וויפלטער פּאָרציע האַלסטו שוין?

— כ'צייל נישט. די טשאַסטעס גליטשן זיך ממש ווי פּילן.

— מאַדמואַזעל סאַראַ, באַשטעלט נאָך עפּעס! איך פונדיר אייך.

— מיט עטלעכע חדשים צוריק ווען איר וואָלט מיר עפּעס אַדורכגעגעבן דורך די דראָטן, וואָלט איר עפּעס באַוויזן...

— מאַדאַם ראַשעל, ווי זעט אויס אייער אַפּעטיט?

— ווי נאָך אַן אָפּעראַציע אויפן מאַגן.

עס באַווייזט זיך אַן אָנגעשטעלטער, וואָס בעט איבער די געסט צו פאַרלאָזן דעם סאַלאָן, כדי אויפצונעמען די פריש־געקומענע.

אין דעם זאַל, וו מען טיילט אוים שפּייז־קאַרטן און קבלת־פּנים־געלט, שטייען עטלעכע רייען דעפּאָרטירטע, וואָס ווערן איינציק־ווייז אויפגענומען פון אַ גרעסערע צאָל אנגעשטעלטע, מענער און פרויען. די אנגעשטעלטע פאַרנייגן זיך הכנעהדיק פאַר יעדן צוגע־

קומענעם צו דער באַריערע, ווי זיי וואָלטן אויפגענומען די רייכסטע געסט, געקומענע פון גליקלעכסטן לאַנד אין דער וועלט.

בעת עליאַש האָט זיך באַוויזן ביים איינגאַנג, אונטערהינקענדיק אויפן שטעקן, האָט אים אַ באַאַמטער באַמערקט און געהייסן אַ דורכלאָזן.

— מענטשן האָבן שכל דאָ אַריינצוקומען מיט אַ שטעקן. איך וועל מיר אויך מאָרגן שאַפן אַ שטעקן. — האָט איינער אַ ברום געטאָן.

— מעגסט אים מקנא־זיין. דו זעסט דאָך, אַז ער האָט צוויי פיס ווי די פויקן.

עליאַש איז געשטאַנען אָנגעלענט אין דער באַריערע און זיך אַרומגעקוקט. דער טיק־טאַק פון די שרייב־מאַשינקעס האָט אים געריישט אין די אויערן. ער האָט אויפגעכאַפּט רייד.

— מאַדאַם, אייער ראַדיאָסקאָפּיע באַווייזט, אַז אייערע לונגען זיינען אָנגעגריפן, איר באַקומט אַ צעטל אויף מילך.

— מ׳סיע, דאָס צעטל איז אויף צוויי טעג ווין־רעכט אין האָ־טעל־לוטעציאַ.

עליאַש האָט זיך פאַרטראַכט.

„פאַר דריי יאָר לאַגער־לעבן — צוויי גוטע טעג. און די וואָס האָבן שוין מער נישט קיין היימען ?“

— אייער רעפּאַטריאַציע־קאַרטע. — האָט דער באַאַמטער גע־בעטן ביי עליאַשן.

— מ׳סיע, איר האָט נאָך צו באַקומען אַן אַנצוג אויפן ערשטן שטאָק און אַ פּאָר שיך אויפן צווייטן שטאָק. וועש באַקומט איר אין ערשטן זאַל רעכטס. טאַבאַק — ביים אויסגאַנג. איר באַקומט אַ טאָפּלטע ראַציע ברויט. דאָ האָט איר טיקעטן פאַרן רעסטאָראַן.

— אַ דאַנק, מ׳סיע.

— שרייבט אונטער ! דאָס איז פאַר דער פּרעמיע פון די זיבן טויזנט פינף הונדערט פראַנק, וואָס יעדערער פון אייך באַקומט.

*

איידער נאָך די מיטאָג־שעה האָט אויסגעשלאָגן, איז שוין דער רעסטאָראַן־זאַל געווען געדיכט באַזעצט.

עליאַש האָט זיך קוים דערשלאָגן צו באַקומען אַ פּלאַץ.

פאַרן רעסטאָראַן־איינגאַנג זיינען געשטאַנען צענדליקער דעפּאָר־טירטע און זיך אָנגעמאָסטן די באַקומענע אַנצוגן, זיך געמאַכט וויצן, געלאַכט הויך אויפן קול. אַנדערע האָבן זיך געטוישט מיט די שיך. מיידלעך האָבן זיך געוויזן די באַקומענע מלבושים.

די קאָרידאָרן זיינען געווען שוואַרץ פון ציגאַרעטן־רויך. די ניי־אימיגראַנטן, בחורים און מיידלעך, האָבן גערעדט אויף שטום־לשון מיט די אויפזעער פון רעסטאָראַן. אַ טייל, וואַרטנדיק פאַרן איינגאַנג, האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד ווי אין אַ וואָקזאַל. אַ יינגל איז געקומען אָנצולויפן מיט אַ צעפלאַמט פּנים און דערציילט, אַז דאָ אין לוטעציע מאַקע איז פאַראַן אַ יידישע ביוראָ, וואָס פאַר־זאָרגט מיט כל־טוב נאָכן אַרויסגיין פון דאַנען. דערהערנדיק די ידיעה איז געוואָרן אַ געלויף. דאָס נייעס איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, האָט זיך אַריינגעטראָגן אין רעסטאָראַן־זאַל. טייל האָבן גלייך פאַרלאָזט די פּלעצער און זיינען אַוועק אין דער יידישער ביוראָ. אַנדערע ווידער האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און פאַר־נומען אַ פרייען פּלאַץ.

דער גרויסער רעסטאָראַן־זאַל איז געווען געדיכט באַשטעלט מיט טישן, אַז ס'איז קוים איבערגעבליבן שמאָלע, געשלענגלטע דורכגענג פאַר די קעלנער. די טישן זיינען געווען געדעקט מיט ווייסע טישטעכער, באַשטעלט מיט לעבעדיקע בלומען, מיט קאַראַפ־קעס וואַסער, מיט פיינע געשליפענע גלעזער אויף הויכע פיסלעך, מיט שטויסן געבלימלטע טעלער פון רייכע הייזער. זילבערנע גאָפּל־מעסער זיינען מיט אַ סימעטרישער פּינקטלעכקייט געלעגן פאַר יעדן גאַסט. די קעלנער, אין קורצינקע, שוואַרצע פראַקאָווע זשאַקעטלעך, מיט ווייסע סערוויעטן אין די הענט האָבן אַרומגעשפּאַנט איבערן

זאַל. זיי האָבן אויפגעשטעלט אויף יעדן טיש גרין־ווייסע קיישלעך ברויט. די נאַקעטע פרויען־הענט מיט טאַטואירטע לאַגער־נומערן, וואָס האָבן זיך צופעליק אויסגעלייגט אויפן טיש, האָבן גישט האַר־מאָנירט מיט דעם רייכן סערוויס.

דער בופעט, אינדערזייט ביים קיכן־לופטשיקל, איז געווען אויס־געצירט מיט די שענסטע פרוכטן, וואָס פראַנקרייך האָט נאָך צו יענער צייט פאַרמאָגט.

אויסער די קעלנער, האָבן איבערן זאַל אַרומגעפלאַטערט יונגע מיידלעך, ווי פאַרביקע שמעטערלינגען, מיט אויפגעפּוישטע אַרבל, וואָס האָבן זיך געהויבן ווי פליגל. ביי דעם טיש האָבן די מיידלעך איבערגעלאָזט אַ קלאַנג, ביי יענעם טיש — אַ וואָרט. ביי דעם טיש — אַ שמייכל, ביי יענעם טיש — אַ געלעכטערל.

די אויגן פון די דעפּאָרטירטע מענער האָבן זיך אויף זיי אָפּגע־שטעלט. באַטראַכט זייערע זומערדיקע, לופטיקע קליידלעך, אויפגע־פּעכערט איבער פיין־געשניצטע פיס און עפּעס האָט זיך געוועקט אין יעדנס האַרץ אַ פאַרגעסן האַלב־אָפּגעטויט געפיל...

באַלד האָבן די קעלנער אָנגעהויבן צו סערווירן די פאָרשפּייז. צווישן די דעפּאָרטירטע איז געוואָרן אַ באַוועגונג. דער זאַל איז געוואָרן רוישיקער. די ליידיקע גלעזער זיינען אָנגעפולט געוואָרן מיט רויטן ווייַן. געציילטע האָבן געהויבן די גלעזער און זיך געווונטשן אַ היימישן לחיים. אַנדערע האָבן געטרונקען דעם וויין שווייגנדיקע...

די מיידלעך האָבן אַרומגעטענצלט ביי די טישן. אומעטום אויס־געזונגען:

— מיט אַ גוטן אַפּעטיט!

ביי יעדן טיש האָבן זיך אַוועקגעשטעלט עטלעכע מיידלעך. זיי האָבן זיך אַנטשולדיקט, וואָס דער וויין איז באַגרענעצט. ווי לעבע־דיקע שפּייז־קאַרטן האָבן זיי אויסגערעכנט די גוטע מאכלים, וואָס קומען אונטער. האָט ווער געגעסן לאַנגזאַם און פאַרטראַכט, האָבן זיי אים שוין נישט אָפּגעלאָזט פון אויג. אַ ליבלעכע האַנט האָט

שוין געגלעט זיין אָנגעווייטיקטן קאָפּ. זיי האָבן אין אים אַריינגע־קוקט, ווי מען קוקט אַריין אין אַ קינד.

אַ טיף גערירטער האָט עליאַש באַטראַכט דאָס בילד. ער איז געבליבן זיצן אַ פאַרמוחטער מיטן גאָפּל־מעסער אין האַנט. אַ מיידל האָט דאָס באַמערקט און האָט זיך גלייך צו אים דערנענטערט.

גראָד אין דער רגע האָט זיך עליאַשן עפּעס אַ מיש־געטאָן אין קאָפּ.

ער האָט עפּעס יאָ און נישט געזען, אַז דאָס מיידל, וואָס האָט זיך ביי אים אָוועקגעשטעלט איז אַ שלאַנקע, מיט פייערדיק־רויטע האָר און אירע גרויסע, קאַשטאַנענקאָליריקע־אויגן קוקן אויף אים, מיטפילנדיקע.

— פאַרביטערט ?

— כ'ווייס אַליין נישט וואָס מיט מיר איז...

— איר מיינט, אַז די וואָס זיינען דאָ געבליבן האָבן גאָרנישט געליטן ? מיין פאָטער איז אָוועקגעשלעפּט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, זעען מיר אים נאָך ביז היינט נישט צוריק. און מיינס אַ ברודער איז געפאַלן מיט געווער אין האַנט, ביים באַפרייען פּאַריז. אַ סך וועלן אייך האָבן צו דערציילן, וואָס דאָ איז אַלץ פאָרגעקומען.

עליאַש האָט געקוקט, אַ שווייגנדיקער, אויף דעם מיידלס דינע, סענסועלע ליפּן און האָט עפּעס נאָכגעטראַכט...

— מאַדמואַזעל מישלין, מאַדמואַזעל מישלין ! — האָט די פרוי ביים בופעט זי גערופן.

דאָס מיידל האָט איילנדיק אַרויסגעזאָגט אַ „פּאַרדאָן" און איז אַוועק צום בופעט.

— מישלין איז איר נאָמען — האָט עליאַש איר נאָכגעקוקט...

— זיי נישט אַזוי צעמישט ! — האָט עליאַשעס שכן אים אַ שטויס געטאָן. — מ'וועט דיר נאָך אויפעסן דיין ביפטעק און וועסט אפילו נישט באַמערקן...

צום טיש האָט זיך דערנענטערט, אַ מיטליאָריקע פרוי, מיט אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע אין האַנט.

— אַנטשולדיקט וואָס איך שטער אייך. אפשר האָט ווער פון אייך געטראָפן מיין זון? — האָט די פרוי געוויזן די פאָטאָגראַפיע, און זיך געווישט די אויגן. זי איז געבליבן שטיין אַ פאַרקלעמטע, ווי ס'וואָלט איר אויסגעפעלט לופט צום אָטעמען. זי האָט מיט אַ צאַפּלדיקן בליק נאָכגעקוקט די פאָטאָגראַפיע, וואָס גייט פון האַנט צו האַנט. האָט ווער נאָכגעטראַכט, האָט זיך אַ שטראַל פון האָפע־נונג באַוויזן אין אירע אויגן. האָט ווער געצויגן מיט די אַקסלען. האָט דער שטראַל אין אירע אויגן זיך גענומען לעשן.

מיט ציטערדיקע הענט האָט די פרוי צוריקגענומען די פאָטאָ־גראַפיע. איבערגעווישט דעם גלאַנץ מיט אַ ווייס טיכעלע און צוגע־גאַנגען צו אַ צווייטן טיש זיך נאָכפרעגן.

*

ערשט נאָכן אָוונט־ברויט איז עליאַש פאַרטיק געוואָרן מיט די פאָרמאַליטעטן און מיטן אָפּנעמען די זאַכן, וואָס זיינען אים גע־קומען.

אין האָטעל־לוטעציאַ זיינען אַלע צימערן שוין געווען פאַרנומען. עליאַשן האָבן צוויי סקויטן איבערגעפירט אין אַ האָטעל פון אַ שכנותדיקער גאַס. די סקויטן האָבן מיט צופרידנקייט געטראָגן זיין „באַגאַזש" און עליאַש האָט זיך זיי נאָכגעשלעפּט, אַ הינקענדיקער.

אין האָטעל האָט זיך געטומלט, ווי אין אַ קאַזאַרמע פאַרן שלאָפן גיין. אַ סקויט האָט אין ביוראָ דערלאַנגט דעם צעטל פון לוטעציאַ. אַ האָטעל־דינער אין אַ רויטן שפּאַנצער האָט זיי אַרויפגעפירט אויפן פערטן שטאָק און געעפנט אַ טיר פון אַ צימער.

איינער פון די סקויטן האָט אַראָפּגעאַקסלט עליאַשעם רוקזאַק און אים פאַרשטעקט אין אַ ווינקל; דער צווייטער האָט אַוועקגע־שטעלט זיינע וואַליזעם אַזוי האַסטיק, אַז דער אָפּהילך האָט איבער־געוועקט אַ שלאָפנדיקן מענטש.

עליאַש האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אין טיפֿן פֿאָטעל. זיין קאָפּ, וואָס האָט אים שטאַרק געדרוישט, האָט ער אָנגעלענט אויפֿן שטעקן.

בעת די סקוימן זיינען אַוועק, האָט ער זיך אָקאָרשט דערמאַנט, אַז פֿאַר צעטומלעניש האָט ער זיי נישט אָפּגעדאַנקט פֿאַרן שלעפּן זיין באַגאַזש.

— צוויי מאַן אין איין בעט? — האָט דער פֿאַרשלאָפֿענער ייד זיך אויפֿגעזעצט און אָנגעקוקט עליאַשן.

עליאַש האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, באַטראַכט דעם ייד אין ווייסן, ברייטן נאַכט-העמד, מיטן אָפּגעגאָלטן קאַרק, מיט אָנגעשוואָלענע קישעלעך אונטער די אויגן.

— נו, איז וואָס, אַז צוויי מאַן אין איין בעט? — האָט עליאַש מיד געזאָגט — ווי לאַנג וועלן מיר דאָ דען וווינען? צוויי נעכט, גלויב איך. וועסטו מיט מיר קענען אויסהאַלטן.

— יאָ. — האָט דער ייד זיך אָנגעהויבן קראַצן, ווי אויס געוווינהייט.

„ער איז נאָך מיטן לייב און לעבן אין לאַגער. און ווער ווייסט ווי לאַנג מיר וועלן נאָך דאָרטן זיין?“ — האָט עליאַש געטראַכט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. די דיוואַנען, דער גרויסער גאָלד-געראַמטער שפּיגל איבערן קאַמין, די אַלטמאָדישע מאַפּעטן אויף די ווענט, די שפּיגל-שאַנק פֿון פֿיינסטן האָלץ, דאָס אַלץ האָט אים טרויעריק געמאַכט...

— זאָג נאָר! — האָט דער ייד אין בעט אויסגערופֿן — דער־לאַנג מיר דאָס שאַכטעלע הייל-זאַלב! עס שטייט דאָ אויפֿן קאַמין. וואָס קוקסטו אַזוי ווי אַ גולם? זיי האָבן, זע איך, משדך געווען דיינע געשוואָלענע פֿיס מיט מיינע ראַנעס. ווער ס׳וויל יידן ווי טאָן, זאָל שפּירן מיינע יסורים.

דער ייד איז אַרויס פֿון בעט, אַראָפּגעלאָזט די פֿיס אויף דער ווייס-געלער פֿוטער-פֿעל, אויפֿגעבונדן זיך די באַנדאַזשן, גענומען

די הייל־זאַלב פון עליאַשס האַנט און מיט די פינגער אין דער לופטן זיך איינגעשמירט זיינע וווּנדן.

עליאַש האָט זיך צוריקגעזעצט אין פאָטעל אַריין. ער האָט זיך צוגעקוקט ווי אומגעלומפּערט דער ייד וויקלט די באַנדאַזשן אַרום זיינע פּיס. ער האָט געטראַכט, אַז די וווּנדן, וואָס זיינען אַ פּועל־יוצא פון אַ ברודיק, פאַרחושכט לעבן, האָבן אויך לייכט געקענט זיין זיינע. דעם יידס פאַרקרומט פּנים האָט אים נישט געלאָזט איינ־זיצן. עליאַש האָט זיך ווידער אויפגעכאַפּט, געמאַכט דריי לעבער מיטן שטעקן אין ווייכן דיוואַן און אַנידערגעקניט ביים יידס פּיס.

— לאָז מיך, איך וועל עס בעסער מאַכן.

— נאַ בינד מיך צו, וועל איך קענען צומאַכן די אויגן !...

די הייל־זאַלב האָט פאַרשפּרייט איבערן צימער אַ שטיקנדיקן שוועבל־ריח. עליאַשן האָט דער ריח געקרעלט אין דער קעל. ער האָט גלייך פאַרמאַכט דאָס שאַכטעלע. דער ייד האָט זיך צעהוסט מיט הוילע לונגען.

עליאַש האָט זיך אַ הייב געטאָן און איז צו צום פענצטער. ער האָט נערוועז אויפגערוקט די טיולענע פאָרהאַנג. באַמערקנדיק אַ באַלקאָן, האָט ער זיך אַ דערפרייטער אַרויסגעכאַפּט. די פרישע לופט האָט אים דערקוויקט. ער האָט גענומען ניסן, איינמאָל און נאָכאַמאָל. ביים דריטן מאָל איז אים דער נאָס קאַליע געוואָרן. אַז אויפגעפרישטער האָט עליאַש גענומען באַטראַכטן דאָס בילד, וואָס מאָלט זיך אין גאַס. די קאַפּע־טעראַסעס זיינען געווען געדיכט באַ־זעצט. יונגע פּאָרלעך, שפּאַצירנדיקע און זיצנדיקע, האָבן זיך ווי תמיד געקושט אין די גאַסן. אויסאָמאָבילן מיט גליקלעכע מענטשן אינעווייניק, האָבן זיך געדרעדלט איבערן גלאַנציקן אַספאַלט. אַ בלומען־פאַרקויפערין מיט אַ וויאָלעטקע אין האַנט האָט זיך הכנעהדיק פאַרנייגט פאַר יעדן פּאָרל. די געביידעס מיט די אַלטמאָדישע טו־רעמלעך שטייען אומבאַשעדיקטע, ווי אויף דער וועלט וואָלט גאָר־נישט פאָרגעקומען. אַ רויטלעך אָוונט־ליכט פאַלט דאָ אויף אַ שטיק מויער און דאָרטן אויף אַ שויב.

פון אַ קעגנאיבערדיק אָפן פענצטער גיסן זיך אַרויס טענער פון מוזיק. אַ ראַדיאָ שפּילט פאַר אַ פאַמיליע אַרום אַ רייך־סערווירטן טיש. אין די נאַקעטע טעלער שפּילט זיך דערווייל אַ גאָלדענער אָפּ־שיין פון זשיראנדאל.

די מוזיק רודערט אויף עליאַשן... ער טראַכט, אַז שוין דריי יאָר ווי ער האָט נישט געהערט קיין מוזיק און אים ווערט גוט און פּייג־לעך צוזאַמען...

אַריינקוקנדיק אין דעם פראַנצויזישן „ענטעריער", דערמאָנט זיך עליאַש, מיט אַ ציטער אין האַרצן, אַז ער האָט אויך אַמאָל געפירט אַ פאַמיליע־לעבן... אַ געדאַנק נעמט אים עקבערן אין מוח:

„ווער ווייסט ?..."

ער גייט צוריק אַריין אין צימער מיט אַ געמיט שווערער ווי זיין גוף... צוגעוווינט צו לעבן אין פינצטערניש, פאַלט אים גאָר־נישט איין, אַז אין דעם צימער איז פאַראַן ליכט. ער נעמט זיך אויסטאָן אין דער האַלב־טונקלקייט.

ער ציט זיינע מלבושים פון זיך אַראָפּ שטילערהייט, נישט איבערצוּוועקן זיין ליידנדיקן שכן. נאָר פּלוצלונג, קוקנדיק צום בעט, באַמערקט ער, ווי זיין ביי־שלעפער זיצט אַן אומבאַוועגלעכער, מיטן קאָפּ אָנגעלענט אין דער וואַנט, קוקט מיט שאַרפע אויגן אין דער טונקלקייט אַריין און טראַכט...

— דו שלאָפסט נאָכנישט ? — האָט עליאַש געפרעגט.

דער אומבאַוועגלעכער מענטש האָט זיך אַ ריר געטאָן:

— צוויי זאַכן לאָזן מיך נישט שלאָפן — האָט אַ געבראָכן קול זיך געהערט אין צימער — די ראַנעס ברענען מיך ווי פייער. און נאָך אַ זאַך ברענט מיך אויפן האַרצן. פאַרוואָס זיינען מיר נישט גלייך, פאַר אַלעמען, געגאַנגען זען, צי מיר האָבן נאָך היימען, ווייבער און קינדער ?

עליאַשן איז אַ סאַנדאַל אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט...

.2

דער ראָזלעך־בלויער פרימאָרגן איז נאָך געווען פייכט פון טוי, ווען עליאַש האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. די איבערגעבליבענע נאַכט־שטילקייט האָט נאָך באַהערשט די שטאָט. בלויז געצוויטשערייען פון פייגל האָבן זיך געהערט אין דער לופט. אויף די אָפּגעליידיקטע בולוואַרן האָבן לייכט־צעוויגטע ביימער קוים־קוים גערוישט. פון הינטער פאַרמאַכטע טויערן האָבן זיך היימלאָזע שלעפער אַרויסגערוקט און זיך גענומען אַריינשלייכן אינעם ניי־געבוירענעם טאָג אַריין. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי די קעסלען מיסט און גענומען נישטערן. זיי האָבן נישט באַמערקט די פרימאָרגנדיקע נאַטור־רייכקייט. זיי האָבן נאָר געפילט די וואַרעמקייט פון די ערשטע שטראַלן, וואָס פאַלן אַזוי שפעדיק און דערגרייכן אפילו צו די, וואָס ליגן אויפן אָפּגרונט פון לעבן.

נאָך אַ נאַכט פול מיט קאָשמאַרן איז עליאַש אויפגעשטאַנען מיט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק.

ער איז געבליבן זיצן אויפן ראַנד פון בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן. דער קאָפּ איז אים געווען שווער, נאָר צוריקצופאַלן. ערגעץ אין אַ מוסקול, הינטערן לינקן אָרעם, האָט אים אַ נערוו אַרומגעצאַפּלט, אַרויף, אַראָפּ, אַהין, אַהער, ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש וואָלט אים דאָרט אַרומגעפלאַטערט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך שוין געפונען אין גאַס. אַ פיינלעך געפיל האָט אים גענאָגט...

אין דער שטילקייט האָט ער נאָכאַמאָל דערהערט דעם פאָרוואורף, וואָס זיין ביישלעפער האָט אים נעכטן געמאַכט פאַרן שלאָפן־גיין. נאָך איצטער האָבן זיין שכנס ווערטער אים גערוישט אין די אויערן.

„יאָ. ער איז גערעכט. כ׳האָב טאַקע געדאַרפט אַהיימקריכן אויף אַלע פיר, זען, צי כ׳האָב נאָך וועמען אויף דער וועלט...“

זיין שטעקן האָט זיך אין עפּעס פאַרפּלאָנטערט.

— פאַרזיכטיק! — האָט ער דערהערט אַ מענער־קול און זיך אָפּגעשטעלט.

ביי אַן אָפענעם קאַנאַל־דעק איז געשטאַנען אַ פעסט־געבויטער, רויטפּנימדיקער קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער אין אַ פּאָר הויכע שטיוול, האַלטנדיק אין האַנט אַ מעטאַלענע לאָמפּ, פון וועלכער עס האָט געשלאָגן אַ פלעמל, ווי אַ קלינגל פון אַן אויסגעבויגן מעסערל:

— פון אַ לאַגער?

— פון אַ לאַגער, מ׳סיע.

— אַזוי הייסט עס זעט אויס אַ מענטש, וואָס גייט אַרויס פון זייערע הענט. — האָט זיך דער קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַר עליאַשן.

ער איז געבליבן שטיין אַ פאַרשטומטער און באַטראַכט עליאַשן, ווי ער וואָלט גאָרנישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון אים.

— די ווישי־לייט... — האָט ער געקריצט מיט די ציין.

— ווי שפּעט איז? — האָט עליאַש אומגעדולדיק געפרעגט.

— אָ, ביז צו דער ערשטער מעטראָ האָט איר נאָך אַ קאַרגע שעה. — האָט דער קאַנאַליזאַציע־אַרבעטער זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די שטיגעלעך אין קאַנאַל אַריין.

עליאַש האָט געדאַנקט און איז ווייטער געגאַנגען. אַ רגע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די פרישע פרימאָרגן־לופט און דאָס מחיה־דיקע ווינטל ציען פון אים אַרויס דעם קאָפּ־ווייטיק. און אַ רגע האָט ער געפילט, ווי דער ווייטיק ווערט שטאַרקער. ער האָט זיך אַזוי אַלץ־מער דערווייטערט פון זיין האָטעל, אַליין נישט וויסנדיק וווהין ער גייט.

צוקומענדיק צום גערטנדל, קעגנאיבער דעם האָטעל־לוטעציאַ, איז ער אַריין און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. דאָס גערטנדל איז געווען באַוואָרפן מיט שטיקער צעפליקטע צייטונגען, וואָס האָבן זיך לויטן אָטעם פון ווינט אַמאָל געדרייט אויף רעכטס; אַמאָל אויף לינקס. אינעם גראָז — שאָלעכץ פון ציבעלעס און פאַרדאַרטע שטי־

קער ברויט. אַ מחנה פייגעלעך האָבן פון דעם פאַרדאַרטן ברויט אַרויסגעדזשאָביעט קרישקעס.

ביי עליאַשס אַריינקומען אין גערטנדל האָבן זיך די פייגעלעך אויפגעהויבן פון גראָזיקן באָדן. און בשעת ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט האָבן זיי זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט. אויפן זאַמדיקן סטעזשקעלע האָבן זיך געוואַלגערט שטריקלעך פון פעקלעך. הינטער אַ באַנק האָט ער באַמערקט אַ פאַרגעסן גלאָז. הינטער אַ צווייטער באַנק — אַ פאַרגעסן וויים קריגעלע.

אויסלייגנדיק זיך אויף דער באַנק, האָט עליאַש מיטאַמאָל דער־זען, ווי אַ וויים לעדערן האַנט־בייטעלע וויגט זיך אויפן אָנלען. ער האָט זיך אַ האַסטיקן הויב געטאָן. אַראָפּגענומען דאָס קינדערישע האַנט־בייטעלע און עס גענומען גלעטן... ער האָט באַהויכט דאָס מאַטע לעדער און עס גענומען איבערפּוצן, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס האַנט־בייטעלע פון זיין טעכטערל.

אַ נאָגענדיקע בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען... די שטילע נאָך נישט באַלעבטע שטאָט איז אים צו ענג געוואָרן. ער האָט גענומען אַרומשפּאַנען אין גערטנדל. דערזען אַ קליין פלומפּל, האָט ער זיך איינגעבויגן און אַרומגעוואַשן. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז אין האָטעל איז ער אַ היפּשע ווײַלע אָפּגעשטאַנען ביים ווייסן וואַש־בעקן, האָט באַרירט דעם קראַן און אים נישט אויפגעדרייט, ווייל ער האָט מסתמאָ אין דער מינוט געטראַכט פון עפּעס אַנדערש...

דערנאָך האָט ער אין גערטנדל באַמערקט ווי אַן אָפּגעריסן שטיקל פון אַ יידישער צייטונג דרייט זיך אין ווינט. ער האָט אויפ־געהויבן דאָס שטיקל צייטונג.

„ווי קען דאָס זיין ? גייט דען שוין אין פּאַריז אַרוים אַ יידישע צייטונג ?"

ער האָט איבערגעלייענט : „דאָס יידישע לעבן נאָכן גרויזאַמען חורבן..."

קוקנדיק אַזוי פאַרטראַכט אויף די יידישע אותיות, זיינען אים געקומען אויפן געדאַנק זיינע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיין פרוי האָט

פֿאַרברענט, ריכטענדיק זיך אויף אַ רעוויזיע פֿון דער „געשטאַפּאָ“. ער האָט איצטער דערפֿילט דעם אינערלעכן געראַנגל, וואָס זיין פֿרוי האָט אַדורכגעמאַכט, איידער זי האָט מיט אירע הענט פֿאַרוואַנדלט אין אַש זיין צענדיקעריקע ליטעראַרישע אַרבעט.

ער זעצט זיך ווידער אַוועק אויף דער באַנק און בילדער פֿון אַ פֿאַרגאַנגען שטיק לעבן גייען אויף פֿאַר זיינע אויגן: אַן אָרעמע אַרבעטער־היים... זיין איינגעהאָרבעטער פֿאָטער זיצט ביים היטל־מאַכער־מאַשינדל. אויפֿן קאָפּ — אַ נאַס טיכל, געוויקלט אין עסיק. אָפּגעלימן האָט ער זיין גאַנץ לעבן אויף דער „שווערער־קרענק“. אַ ליאַדע מינוט — אַוועקגעפֿאַלן אויף דער פֿאָדלאָגע מיט פֿאַר־גלייזטע אויגן, מיט אַ שוים אויף די ליפּן זיך געוואָרפֿן ווי אַ פֿיש... די מאַמע זיינע, אַ הויכע דאַרע פֿרוי, אַ פּנים — איין שטיק זאָרג, שטייט און פֿאַרשטעלט זיין פֿאָטער, אַז די קינדער זאָלן זיך נישט צוקוקן... פֿרייטיק צונאַכטס. דאָס געלעכערטע טישטעך לאָזט אַרויס־קוקן שטיקער נאַקעטן טיש. אין די צוויי מעשענע לייכטערלעך, אָפּ־געפּוצטע מיט זאַמד, ברענען זיך צוויי דינע, גראָשנדיקע ליכטלעך. דער שבת איז אַ מילכיקער. קידוש האָט דער פֿאָטער געמאַכט אי־בערן ברויט. אָבער ער זינגט זמירות: „בשר ודגים וכל מטעמים“, נישט וויסנדיק דעם טייטש. דעם אָרעמען טיש רינגלען אַרום זעקס קינדער...

„ווו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען ?...“

אינעם גערטנדל איז אַריינגעקומען אַ פֿרוי און זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ באַנק.

עליאָש האָט זי באַטראַכט. זי איז געווען פֿיין אויפֿגעקעמט, ווי זי וואָלט זיך געגרייט ווערן אויפֿצונעמען. די פֿרוי, אין איר גע־בלימלט זומער־קלייד, איז געווען יונג און אַלט צוזאַמען. איר פּנים איז עליאָשן געווען פֿרעמד, אָבער איר צעשטרייטער בליק, האָט ער געפֿילט, איז מיט אים משפּחה...

די פֿרוי האָט זיך דערנענטערט צו זיין באַנק.

— אַ דעפּאָרטירטער ?

— אַ דעפּאָרטירטער.

— איך בעט אייך, מ'סיע! אפשר האָט איר צופעליק געטראָפן אַ געוויסן זעליק זאַלצמאַן? ער איז געווען אַ הויכער, אַ דיקלעכער, אַ געל־האָריקער. און אויף דער לינקער באַק האָט ער געהאַט אַ העפּט, אַן איבערבלייבעכץ פון אַן אָפּעראַציע.

עליאַש האָט נישט דערהערט די סימנים. נאָר די ווערטער, ער איז „געווען" און האָט „געהאַט", ווי אין איר היגטערבאַוווסטזיין איז איר מאַן שוין אַ טויטער...

— איר קענט זיך נישט דערמאַנען?

— שווער זיך צו דערמאַנען. אפשר האָב איך אים יאָ געטראָפן? לויטן נאָמען קען איך גאָרנישט וויסן. מיר זיינען נישט געווען קיין מענטשן, נאָר נומערן.

— איך וויים אונדזער בראָך! איר האָט דאָ ווּעמען?

— געהאַט. — האָט זיך עליאַשן אַרויסגערעדט.

און באַלד איז אים אַ ציטער אַדורך איבערן גאַנצן קערפּער. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אים האָט זיך אויך אַרויסגערעדט „געהאַט"...

— איך... איך... האָב דאָ איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי קינדער. — האָט עליאַש געמורמלט. — מסתמא האָבן זיי זיך ערגעץ וווּ אויסבאַהאַלטן.

— ווען אויסבאַהאַלטן זיך, מ'סיע, וואָלט איך אייך געהאַט צו דערציילן אַ וועלט מיט געשיכטעס. איך וועל אייך נאָר דערציילן, וואָס מיט מיר פּערזענלעך האָט פּאַסירט. אין 42־טן יאָר, הערט איר, האָב איך איבערגעלאָזט אַ דריי־יעריק יינגעלע אין אַ קלויסטער, אין דער געגנט פון נאָרמאַנדיע. נאָך דער באַפרייאונג, אַז כ'בין צוריקגעקומען זוכן מיין קינד, האָבן מיר די נאָנעס דערציילט אַ געשיכטע, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן... אין אַ טאָג זיינען די געשטאַפּאָווצעס באַפאַלן דעם קלויסטער און געזוכט יידישע קינדער. צום גליק האָט דער קלויסטער געהאַט אַ באַהעלטעניש, ווו מען האָט די קינדער פאַרשטעקט און זיי אָפּגעראַטעוועט. אָבער די נאָנעס באַהערשט פון אַ פּחד, אַז דער קלויסטער איז

געמסרט, האָבן אין אַ פינצטערער נאַכט די קינדער איבערגעפירט אין אַן אַנדערן קלויסטער אַריין. יעדעס קינד האָט געטראָגן אויפן האַלדז אַ נומער, וואָס האָט פאַרטרעטן זיין יידישן נאָמען. ביים באָדן די קינדער האָבן די נאָנעס, ווייזט אויס, פאַרטווישט די נומערן. סוף־כל־סוף האָט מען די קינדער פון דעם קלויסטער דעפּאָרטירט. עס איז איבערגעבליבן איין איינציק יינגעלע, די נאָנעס טענהנען, אַז לויט דער קאַרטעטעקע איז עס מיין קינד און איך זע און פיל, אַז ס׳איז אַ פרעמד קינד. בקיצור, איך האָב עס צוגענומען און מיין צער איז אַזוי גרויס, אַז כ׳קען זיך קיין אָרט נישט געפונען. אפשר איז זיין מאַמע לעבן־געבליבן און זוכט אים אַרום ? און אויב נישט, דערמאַנט מיך דאָס קינד כסדר אין מיין אומגעקומען בלוט און פלייש...

עליאַש האָט טיף געשוויגן...

— אויף אייך מאַכט דאָס אַלץ אפשר נישט קיין איינדרוק, ווייל איר האָט נאָך ערגערס איבערגעלעבט ?

עליאַש האָט זיך נערוועז געריבן דעם שטערן. די פרוי האָט באַטראַכט עליאַשס פּנים.

„צוריקגעקומען איז ער אין יענעם צושטאַנד. אָבער כ׳וואָלט שוין פאַר ליב גענומען, אַז מיין מאַן זאָל אַהיימקומען מיט געשוואָלענע פיס, אַבי כ׳זאָל אים דערלעבן צו זען". — האָט זיך די פרוי געטראַכט.

עליאַש איז צוגעגאַנגען צום פּלומפּל. דאָס קליינע בלעכענע טעפּעלע, וואָס איז דאָ געווען צוגעטשעפּעט צו אַ פאַרזשאַווערט קייטעלע, האָט ער צוגעטראָגן צום מעטאַלענעם שנאָבל פון פּלומפּל און וואַרטנדיק ביז דאָס טעפּעלע וועט זיך טראָפּנווייז אָנפילן, האָט ער אַ פרעג געטאָן :

— וואָס טוט איר אייגנטלעך אַזוי פרי אין גערטנדל, מאַדאַם ?

— איך ווין דאָך דאָ אין אַ האָטעל, אַז ס׳זאָל מיר זיין נעענטער אָפּצוואַרטן דעם טראַנספּאָרט.

און נאָך אַ ווײַלע :

— עס לאָזט נישט דערליגן און עס לאָזט אַפּילו נישט דערזיצן. איך גיי שוין ווידער כאַפּן אַ בליק צום האָטעל-לאָטעציאַ. אפשר דאָך ?... זייט געזונט... — האָט זיך די פרוי אויפגעשטעלט.

זייערע אויגן האָבן זיך אויסגעטוישט מיט אַ בליק, אין וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די מורא פאַרן שרעקלעכסטן...

אײנציקווייז האָט זיך דער שטיל-געוואָרענער האָטעל-לאָטעציאַ אויפגעוועקט פון שלאָף. בעת עליאַש איז צוגעקומען צום אײנגאַנג, האָט שוין דאָרט געווימלט מיט מענטשן. פון קאַפע-זאַל האָט זיך דערטראָגן אַ גערויש. ביים ראַנד פון טראָטואַר — אַ ריי פאַרשידנקאָליריקע אויטאָמאָבילן. און עס האָבן נאָכאַנאַנד אַריינגערוישט פרישע מאַשינדלעך, וואָס האָבן זיך צוליב מאַנגל אין פּלאַץ אָפּגעשטעלט קעגנאיבער, ביים גערטנדל. די באַאַמטע האָבן זיך דערווייל אונטערגעהאַלטן מיט די עלעגאַנטע דאַמען, וואָס זיינען אַרויס פון די אויטאָמאָבילן נאָכפרעגן זיך, צי ווער פון די צוריקגעקומענע דאַרפט נישט, מען זאָל אים ערגעץ-ווו איבערפירן.

עס האָט פאַרנומען אַ היפּש ביסל צייט ביז אײנער פון די באַאַמטע האָט עליאַשן באַמערקט. קוים-קוים, וואָס ער האָט זיך געשלעפּט אויף זיינע געשוואָלענע פיס, גרייט אַהיימצוקריכן.

— איר דאַרפט ערגעץ פאָרן ?

— אַ היים...

— מיט פאַרגעניגן. — האָט אַ דאַמע צוגעשמייכלט. און דער באַאַמטער האָט אים געעפנט דאָס טירל, געהאָלפן אַוועקזעצן.

פאַריז איז שוין לאַנג געווען וואַכעדיק, בעת עליאש איז געפאָרן אין אַן אויטאָמאָביל, צוזאַמען מיט אַן עלעגאַנטער פאַריזערין, וואָס האָט געקירעוועט מיטן רעדל אין אַ פּאָר ווייסע הענטשקעס.

אויף די גאַסן האָבן פאַרשידנפאַרביקע מענטשן-שטראָמען זיך געכוואַליעט. דער ריטם פון דעם פרימאָרגן-לעבן איז געווען רעשיקער ווי אין אַ נאָרמאַל-איינגעשטעלטער צייט. צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג האָבן זיך דאָ און דאָרט באַמערקט אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, וואָס האָבן געשפּאַנט צו דריי-פיר אין דער ברייט, פאַר-

קלינגנדיק דעם טראָטואַר מיט זייער זאָרגלאָז געלעכטער. אויך די צוריקגעקומענע קריגס־געפאַנגענע האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער ציווילער באַפעלקערונג, מיט זייערע ברייטע באַסקישע בערעטן, זעלנערישע הויזן און העל־געלע מיליטערישע שיך. פאַר טייל היי־זער־איינגענג זיינען געבליבן ליגן די גרויסע זעק זאַמד, וואָס זיינען נאָך ערב־מלחמה צוגעגרייט געוואָרן צו לעשן אַ פייער נאָך אַ באָמ־באַרדירונג. איבער די מאַגאַזינען זיינען די זשאַלוזעס געווען אַראָפּ־געלאָזט. אַנדערע מאַגאַזינען — געקעסטלט מיט אייזערנע שטאַבעטן. די אויסגעליידיקטע שויפענצטער האָבן געקוקט אין דער גאַס אַריין מיט אויסגעלאָשענע אויגן. ערגעץ־ווו האָט נאָך פון אַ שויפענצטער אַרויסגעקוקט אַ נאַקעטע מאַנעקין. אויפן באַזוניקטן אַספאַלט האָבן זיך געצויגן לאַנגע שורות מיליטערישע און ציווילע אויטאָמאָבילן. ווו־נישט־ווו האָט זיך אויך אַריינגעפּלאָנטערט אַ וועלאָסיפּעד אָדער אַ מאָטאָציקל. די אַמעריקאַנער „דזשיפּס“, באַזעצטע מיט מילי־טער־פּאָליציי און ווייסע קאַסקעס אויף די קעפּ, האָבן פאַרהילכט די גאַסן מיט זייער סיגנאַל, פילנדיק זיך, אין באַפרייטן פּאַריז, גאַנץ היימישלעך.

ביי די בעקערייען און שפּייז־געוועלבלעך האָבן זיך געשלענגלט לאַנגע רייען פרויען מיט די ברויט־קאַרטעס אין די הענט. אַנדערע פרויען, אַ טייל מיט זויג־קינדער געוויקלט אין ווייסע קאַפּושאָנען, אַ טייל מיט קינדער ביי די הענט, האָבן זיך געדרענגט אַרום די מילך־געשעפטן.

עליאַש האָט דאָס אַלץ קוים דערזען ווי דורך אַ נעפּל... עס האָט אים נאָכאַנאַנד געבלענדט פאַר די אויגן. דער גאַסן־גערויש האָט אים געהאַמערט אין די שלייפן.

די דאַמע, מיינענדיק, אַז עליאַש הערט זיך צו, האָט נישט אויפ־געהערט צו דערציילן מלחמה־געשעענישן. געציילטע רגעס נאָר האָט עליאַש עפּעס אויפגעכאַפּט ווערטער אָן אַ צוזאַמענהאַנג: גאַסן־קאַמפן... באַריקאַדעס... מאַרמאָר־טאָוולען... געשאָסן פון די דעכער

אַראָפּ... טראַדיציעס פון 1789... אויפשטאַנד אין וואַרשעווער-געטאָ...

— אפשר איז מעגלעך, מאַדאַם, אַביסל שנעלער? — האָט זיך עליאַש אַ הויב-געטאָן פון געזעס.

אָבער גראד אין דער רגע האָט אַ פּאָליציייאיש פייפל אָפּגע-שטעלט דעם פאַרקער.

עליאַש איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט זיך ווילד אַרומגעקוקט. אַלץ האָט זיך פאַר זיינע אויגן צונויפגעמישט: אַ רווישיקן טייך, אין וועלכן מענטשן שווימען אַרום אין פאַרשידנפאַרביקע קליידער...

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אים אַנידערגעוואָרפן אויפן זיץ-פּלאַץ.

— גיכער, מאַדאַם! — האָט ער איבערגעחזרט.

— כ'פאַרשטיי...

און נאָך אַ ווײַלע האָט די דאַמע אויסגערופן:

— אָט זיינען מיר שוין אויף פּלאַס דע לאַ רעפּובליק, מ'סיע!

— המ... וואָס? — איז ער צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דער שויב.

זיין מבולבלדיקער בליק פאַלט אויף איינעם, וואָס פירט אויף אַ לאַסט-וועגעלע, אַן אַלטע גיי-מאַשין.

„אפשר איז עס אַ ייד, וואָס גייט זיך צוריקבויען זיין חרוב-געוואָרן לעבן?" — איז עליאַשן אַדורך אַ געדאַנק, באַטראַכטנדיק דעם מענטשן פון הינטן, אָפּשטעלנדיק זיין בליק אויף אַ פאַרונדיק-טער פּלייצע.

— גיכער מאַדאַם, גיכער! — איז זיין אומרו אין אים אָנגעוואַקסן, דערנענטערנדיק זיך צום בעלוויל.

ער האָט זיך ממש קיין אָרט נישט געקענט געפינען. אָט האָט זיך זיין קאָפּ אויסגעדרייט צום רעכטן פענצטערל און אָט צום לינקן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַראָפּגעזעצט. ער האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט און אַראָפּגעזעצט...

באַלד האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט.

— אָט איז אייער געסל, מ'סיע !

עליאַש האָט אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט אויפגעריסן דאָס טירל מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ער איז ממש אַרויסגעפאַלן פון אויטאָ. ער האָט דערבליקט דעם טונקל־גרינעם טאָוול מיטן נאָמען פון זיין געסל. ער האָט עפּעס געוואָלט אויסשרייען מיט אַ קול, וואָס ווערט דערשטיקט צווישן פרייד און טרערן.

מיט אַן אָנגעגליטן אָטעם און מיט אַ צעשטרייטן בליק האָט ער גענומען טרעטן איבערן טראָטואַר פון זיין געסל, וואָס ער האָט נאָך דריי יאָר ווידער דערזען. דאָס האַרץ האָט אים שרעקלעך געהאַמערט. אַ רגע איז אים געוואָרן טונקל פאַר די אויגן. פון דער טונקלקייט האָט זיך פאַר אים אַרויסגעשניטן דער לעצטער לאַגער: לאַנגע שורות אַש־גראָע באַראַקן, טויזנטער סקעלעטן אין געשטרייפטע בגדים, דאָס גרויסע טויער באַלייגט מיט שטעכל־דראָטן. און דאָס ראָסטיקע שווערע שלאָס, וואָס האָט אויף אייביק פאַרהאַקט דעם אַרויסגאַנג פאַר אַזוי פיל יונגע, בליענדיקע לעבנס...

אַ רגע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז נאָך אינעווייניק...

ער האָט גענומען שפּרייזן האַסטיקער. אַ בליק אין די אָפענע פענצטער פון פרעמדע היימען. שמוציקע פאָרהענגלעך כוואַליען זיך אין ווינט. די זון באַגילדעט די פאַרבליבענע קופּקעלעך מיסט. אָבער אַלץ איז אים דאָ אַזוי ליב און טייער.

עליאַשן דערקענט די אייגנטימערן פון מילך־געוועלבל אין געסל. די פרוי האָט פאַרבראָכן די הענט ווי בעת אַ געבעט. מיט אַן אָפּ־געהאַקטן אָטעם איז זי אַרויסגעפאַלן אויף עליאַשן און אים גענומען קושן. פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אַלע האָבן מיטאַמאָל עפּעס גענומען רעדן, וואָס עליאַש האָט, פאַר צעטומלעניש, נישט דערהערט.

— ווער פון אייך ווייסט עפּעס פון מיין פאַמיליע ?...

עס איז געוואָרן שטיל... די איינוווינער פון געסל האָבן זיך איבערגעקוקט...

די קינדער, וואָס האָבן זיך דאָ געשפּילט ביי אַ באַרג זאַמד, זיי־

נען זיך צוזאַמענגעלאָפּן און באַטראַכט עליאַשן מיט נאַאיווע קינ-דערישע אויגעלעך.

עליאַש האָט דערקענט אַ קינד, וואָס האָט זיך אַמאָל גע-שפּילט מיט זיין ייִנגעלע.

— ראָזשע, ראָזשע! — האָט ער דאָס קינד צוגעדריקט צו זיך און עס אויסגעקושט. — יאַקוב איז דאָ?

— ער איז אַוועקגעפאָרן מיט זיין מאַמאַ אויף זומער-וווינונג. — האָט דאָס ייִנגעלע דעם ענטפער אויסגעזונגען.

עליאַש האָט זיך אַוועקגעשאַרט, ווי ער וואָלט באַקומען אַ האַמער-שלאָג...

די הויז-וועכטערין האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט פאַר-בלאָנדזשעט אויף אַ פרעמדן אַדרעס.

— איר האָט דאָ געוווינט פאַר דער מלחמה?

— געוויס. איר האָט נישט געהערט פון דער פאַמיליע רייכ-האַרץ?

— די אַלטע לאָקאַטאָרן קען איך נישט. איך בין ערשט דאָ אַ יאָר. די אַלטע הויז-וועכטערין איז געשטאָרבן.

ווי אַ בלינדער האָט עליאַש געשיקט דעם שטעקן פאָרויס און האָט זיך אויפגעהויבן מיט די שטיגן. פרעמדע איינוווינער זיינען אים אַקעגנגעקומען און אים אָפּגעטרעטן דעם וועג. זיי האָבן אים נאָכגעקוקט ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען פון וואַנען ער קומט. אויף יעדן שטאָק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגעקוקט די באַקאַנטע ווענט מיט אַ אָפּגעהאַקטן אָטעם. ער האָט אפילו דערקענט די אויס-געהאַקטע שויב אויפן דריטן שטאָק. די שפּיציקע שטיקער גלאָז און די פענצטער-ראַמען האָבן נאָך-אַלץ אַזוי געשטעקט ווי פאַר דער מלחמה, אַקוראַט ווי אין דעם הויז וואָלט זיך גאָרנישט גע-ענדערט...

אין דער טונקלקייט פון פערטן שטאָק האָט ער דערקענט זיין טיר. מיט אַן אויפצאַפּל האָט ער געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק...

אָבער באַלד האָט ער זיך לאַנגזאַם צוגעשאַרט צו זיין טיר און באַמערקט אַ מעשׂן טעוועלע: „מאַדאַם אָליוויע“.

אַ רגע איז ער געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. ער האָט געפילט ווי דאָס בלוט איז אים אָפּגעלאָפן פון פּנים. זיינע צאַפּלדיקע בליקן זיינען ווילד געלאָפן איבער דער טיר און זיך אָפּגעשטעלט ביי שטיקער צעקרישלטן לאַק...

זיין האַרץ האָט זיך אין אים געהויבן, ווי עס וואָלט ווער אין אַ כוואַליע אַריינגעוואָרפן אַ שווערן שטיין...

ער האָט אָנגעקלאַפּט.

אַן אומבאַקאַנטע פרוי איז אים אַקעגנגעקומען אויף דער שוועל.

— וואָס פאַרלאַנגט איר, מ׳סיע?

— איך האָב דאָ געוווינט פאַר דער מלחמה... — האָט ער שווער אָפּגעאָטעמט, אַרומגעקוקט זיך מיט אַ צעשטרייטן בליק.

— המ... איר האָט דאָ געוווינט? איך ווייס גאָרנישט. מיין מאַן איז איצט נישטאָ. די וווינונג האָבן מיר באַקומען אין 42־טן יאָר. — האָט די פרוי באַטראַכט עליאַשן, האַלטנדיק די רעכטע האַנט אויף דער קליאַמקע.

עליאַש איז שטיינגעבליבן מיט פייכטע אויגן. אין זיין קעל האָט זיך עפּעס געוואָרגן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ האַרטן ביסן. ער האָט מיט אַ שאַרפן, פאַרבענקטן בליק אַרומגענומען די טאַפּעטן פון די ווענט, וואָס ער און זיין פרוי האָבן צוגעקליבן. זיין זשיראַנדאָל האָט נאָך דאָ געהאנגען אַ פינקלדיקער. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ביים קויפן דעם זשיראַנדאָל, האָט ער זיך געהאַט צעווערטלט מיט זיין פרוי צוליבן מאָדעל. און דערנאָך, בעת זיי האָבן אים צום ערשטן מאָל אָנגעצונדן האָבן זיי זיך צעקושט פאַר צופרידנקייט. זיינע אויגן האָבן געניששטערט אין יעדן ווינקעלע און פון אומעטום האָבן זיך אַרויסגערוקט זכרונות.

פּלוצלונג האָט ער אַ שטאַרקן ציטער געטאָן. ער האָט באַמערקט אויף דער וואַנט פּעטענס פּאָרטרעט אויף אַ ברוינעם גרונט.

ערשט איצטער האָט ער מיט אַן איינגעזעסענעם בליק אָנגע־

קוקט די פרוי. און ווי אַלץ אַרום וואָלט אים אין איין רגע פרעמד געוואָרן, האָט ער זיך שטילינקערהייט אַרויסגעשלייכט.

ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אין פינצטערן קאָרידאָר, נישט ווייסנדיק וווהין צו גיין. זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ טיר.

ער האָט אָנגעקלאַפּט ביי זיין פאַר-מלחמהדיקער שכנה.

— אַריין! — האָט אַ קול פון אַן אַלטינקער זיך דערהערט.

ער האָט לאַנגזאַם געעפנט די טיר. אַ דאַרע זקנה מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר, געזעסן אין אַן אַלטמאָדישן פאָטעל, האָט דעם אַריינגעקומענעם אָנגעקוקט מיט אַן אָפן מויל. אירע גראָע אויגן האָבן גענומען בלינצלען הינטער אירע מאַטע ברילן-גלעזלעך.

— מאַדאַם שעוואַסטעלאָן! — איז עליאַש צוגעפאַלן צו דער זקנה און אָנגענומען אירע ביינערדיקע, ציטערדיקע הענט.

— ריינהאַרץ! — האָט זי אַרויסגעקרייעט מער מיטן האַלדז ווי מיט איר קול. — אומגלויבלעך! איר זענט דאָ? איר לעבט? איר זייט צוריקגעקומען? אומגלויבלעך! אפשר חלום איך? — האָט זי זיך נערוועז אַ וויש געטאָן דאָס פּנים מיט אַ האַנט. — אָט דאָס איז אַ מלחמה... אַן איבערקערעניש... אומגעבראַכט אַ וועלט מיט מענטשן. אַז מען זעט איינעם פון אייך צוריקקומען... — האָבן דער זקנהס הענט זיך געהויבן און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף אירע קניען. — איך קען גאָרנישט צו מיר קומען. דאָס האַרץ וואַרפט זיך מיר. זיצט, זיצט!

עליאַש האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט.

— כ'בין געבליבן אַליין, וואָס מאַדאַם שעוואַסטעלאָן?

די אַלטינקע האָט פאַרבראָכן די הענט.

זי האָט גענומען דערציילן ווי אַזוי ס'האָט דאָ אויסגעזען אין דעם הויז, בעת מען האָט עליאַשס פרוי מיט די קינדער געבראַכט פון זייער באַהעלטעניש און אויף געציילטע רגעס אַריינגעלאָזט אין דער וווינונג זיך נעמען אַ ביסל וועש.

עליאַש הערט נאָר אָפּגעהאַקטע זאַצן:

— מען האָט געוואָלט העלפן און מען האָט שוין נישט געקענט. אומגליקלעכע קינדער!...

ער איז געבליבן זיצן צוזאַמענגעקורטשעט ווי ס'וואָלט איבער אים געגאַנגען אַ רעגן פון קאָבעדיקן בליי. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און שטאַר אָנגעקוקט די זקנה. ער האָט קוים געהערט אירע רייד:

— יאָ. אַ טראַגישן 16-טן יולי האָט איר געהאַט אין 42-טן יאָר. איך וויל זיך בעסער נישט דערמאנגען, וואָס אין דעם הויז האָט זיך אָפּגעטאָן. ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז מען וועט לעבעדיקע קינדער פאַרברענען? ! מיין איידעם ליגט אין טשע־ביע אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. אפשר האָט איר געהערט פון פּילזען? די לונגען... ווער ווייסט, צי כ'וועל אים נאָך אַהיימזען?...

די אַלטינקע האָט אויסגעדרייט איר קאָפּ צו דער טיר, אויפ־כאַפּנדיק ריטמישע פרויען־טריט.

— מיין טאָכטער!

באַלד האָט זיך באַוויזן מאַדאַם זשאַן. זי האָט ווי תמיד גע־טראָגן אַ גרינע טאַשמע איבער אירע צעכוואַליעטע גאָלד־בלאָנדע האָר. אירע גרויסע בלויע אויגן האָבן זיך ביים אַריינקומען גלייך אָפּגעשטעלט אויף עליאַשן. מיט אַ קווימש האָט זי אַרויסגעוואָרפן דאָס קיישל איינקויף פון איר האַנט. אַ פאַרצאַפּלטע איז זי צוגע־פאַלן צו עליאַשן און זיך מיט אים צעקושט.

— איר זענט טאַקע דאָ? וואָס פאַראַ נס, וואָס פאַראַ נס! גאָט מיינער! איך גלויב נאָך־אַלץ נישט, אַז איר שטייט מיר פאר די אויגן אַ לעבעדיקער. — האָט זי עליאַשן באַטראַכט פון קאָפּ ביז פיס.

מאַדאַם זשאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט, פאָכענדיק מיט דער בלויזער האַנט איר צעהיצט פּנים. זי האָט אָנגעקוקט איר מוטער מיט אַ באַהאַלטענעם טרויער, ווי עליאַשס דערשיינען וואָלט זי דער־מאַנט אין איר מאַן...

— איך בעט אייך, מאַדאַם זשאַן, אפשר ווייסט איר עפּעס פון מיין פאַמיליע ?

זי האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען, אים אַ רגע אָנגעקוקט אַ געריגרטע און דערנאָך אַ זאָג געטאָן :

— אייער פרוי מיט די קינדער זיינען געווען אין דראַנסי ביי אַ צוויי חדשים. איך האָב זיי אַרייננגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. ווען כ'האָב אויפגעהערט צו באַקומען דאַנק־בריוו פון אייער פרוי, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זי אַוועקגעשיקט. און דערנאָך ?...

— איז זשאַן געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— ס'זיינען עפּעס געבליבן יידן אין דעם הויז ?

— קיינער נישט. ס'פעלן פראַנצויזן אויך. — האָט זשאַן גע־שאָקלט מיטן קאָפּ. — צוויי דערשאָסענע. קריגס־געפאַנגענע, דע־פּאָרטירטע...

— כ'בעט אייך, ווער וווינט אין מיין וווינונג ?

— אַ קאָלאַבאָראַטאָר. קיינער פון די שכנים זאָגט אים נישט קיין גוט־מאָרגן. אים אַרויסזעצן וועט איצט זיין שווער. באַלד נאָך דער באַפרייאונג, איז אַזאַ זאַך ממש געווען אַ קינדער־שפּיל. אָבער זייט דע־גאָל האָט באַפוילן צונעמען דאָס געווער ביי דער פּאַטרי־אָטישער מיליץ, האָט זיך די לאַגע געענדערט. — האָט זיך זשאַן אויפגעשטעלט מיט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דער־מאַנט.

זי איז צוגעגאַנגען צו איר קרעדענץ, אַרויסגענומען פון אַן אַלבום אַ פאַרבלאָטיקטע פאָטאָגראַפיע און זי גאַנץ לאַנגזאַם דער־לאַנגט עליאַשן.

ער האָט ווילד אַ ריס־געטאָן די פאָטאָגראַפיע פון זשאַנס האַנט. זיין פרוי און קינדער האָבן, ווי לעבעדיקע אַ שוועב־געטאָן פאַר זיינע אויגן. ער איז געבליבן זיצן מיטן מויל אָפן, ווי געוואָלט אויסשרייען...

זשאַן האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער.

אין אַ ווײַלע אַרום, בעת עליאַש האָט שוין געהאַט אַראָפּגע־

שלונגען די טרערן, וואָס האָבן אים געשטיקט אין דער קעל, האָט זיך זשאַן ווידער גענומען באַוועגן.

פּלוצלונג האָט עליאָש אויפגעכאַפּט אַ קוויטש פון אַ געעפנטן קויש. ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט געהערט אַ באַקאַנט קול פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבן.

— אייערס אַ קויש מיט זאַכן איז דאָ ביי אונדז געבליבן.

— כ'דאַרף גאָרנישט...

ווי פאַרשטיינערט איז עליאָש געבליבן זיצן און מיט אַ פאַר־שטאַרטן בליק געקוקט אויפן געעפנטן קויש. זיין פנים האָט אויס־געדריקט אַ דערשטיקט געוויין...

ער האָט זיך דערמאַנט, אַז דער קויש גופא האָט זיך זיין גע־שיכטע: זיין שוויגער אַ געבוירענע אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט דעם קויש געבראַכט פון רוסלאַנד קיין פּוילן, מיטפירנדיק איר התונה־אויסשטייער. און נאָך צוואַנציק יאָר האָט זי דעם קויש מיט־געגעבן איר טאָכטער קיין פּאַריז, וועלכע האָט זיך אין אים מיטגע־פירט איר חתונה־אויסשטייער...

מאַדאַם זשאַן האָט גענומען אויספּאַקן די זאַכן.

פאַר עליאָשס אויגן האָט זיך עפּעס אָפּגעשפּילט... עס הויבן זיך אַרויס פון קויש: נאַכט־העמדער, אַ כינעזיש טישטעך, צוויי שניטן ענגלישער שטאָף, געלעכערטע פון מאָלן, אַ מענער־שוך, פאַרשידנפאַרביקע צעקנייטשטע דאַמען־קליידער, אַ שוואַרצער סאַ־טין־קאָסטיום, אַ געפּלאַצטער צענטימעטער, רעדלעך געפאַלדעוועט סאַמעט־באַנד, צוויי צוזאַמענגעבונדענע סאַטין־שיכלעך. פון אַ צע־ריסענער שאַכטל שיטן זיך אַרויס קליינינקע, דריבנע קנעפּלעך. עס קאָלערט זיך איבערן באָדן אַ דאַמסקע פינגער־הוט און עס פאַלט לייכט אַראָפּ אַ ווייס, לעדערן קינדער־שיכעלע...

— דאָס איז אַלץ...

— גענוג געבליבן...

עליאָש האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען שפּאַנען איבערן

צימער מיט אַן אויפגעריסענעם בליק, ווי ער וואָלט געווען געריירט פון זינען.

ער האָט זיך אַ מאָל־דריי אָפּגעשטעלט ביים איבערבלייבעכץ פון זיין צעשטערטער היים. און ווי ער וואָלט מיט זיין שטעקן גע־שאַרט אין אַש, נאָך אַ שרפה, האָט ער געגישטערט מיטן שטעקן צווישן די אָנגעוואָרפענע זאַכן זיינע.

מיטאַמאָל האָט ער אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן אַ פאַרגעלט שטיקל צייטונג, פון וועלכער עס אַרויסגעקוקט זיינס אַ דערציילונג, געדרוקט פאַר דער מלחמה. ער איז מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ געבליבן שטיין איינגעבויגן איבער זיין אַמאָליקער שאַפונג. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער איבערגע־ווישט דעם שטויב און גענומען לייענען די ערשטע שורה. מיט פייכט־געוואָרענע אויגן, פאָכעדיק מיט די נאָז־פליגל, האָט ער לאַנג געקוקט אויף דער אָפּגעראַטעוועטער דערציילונג. דערנאָך, מיט אַ ציטער, זי פאַרשטעקט אין בוזעם, נאָענט צום האַרצן.

און אַרויפלייגנדיק זיך ביידע הענט אויפן קאָפּ, האָט ער זיך אַ ריס־געטאָן צו דער טיר.

זשאַן און די אַלטינקע האָבן אים פאַרהאַלטן.

— וווהין לויפט איר?

— כ׳וויים אַליין נישט...

— מיר האָבן געוואָלט איר זאָלט בלייבן אויף מיטאָג. — האָט זשאַנס שטימע זיך געבעטן.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! מיר וועלן זיך נאָך זען. — האָט ער געעפנט די טיר און זיך אַרויסגעשלייכט.

ער איז אַזוי האַסטיק אַראָפּ פון די שטיגן, אַז מענטשן האָבן אים נאָכגעקוקט.

אַראָפּקומענדיק אויף דער גאַס האָט ער גענומען גיך־גיך אונ־טערהינקען, ווי עס וואָלט אים ווער נאָכגעיאָגט...

ערשט ווען דאָס געשווילעכץ פון זיינע פיס האָט אים גענומען

ברענען, האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפן אויף אַ באַנק. און מיטן קאָפּ אָנגעלענט אויפן הענטל פון זיין שטעקן, איז ער אַזוי געבליבן זיצן...

.3

דער אַזיל געפינט זיך אין אַ שטיל, שאָטנדיק געסל באַרג־אַרויף, צופיסנס דער באַרימטער קירכע „סאַקרע־קער".

פאַר דער מלחמה איז די דאָזיקע פיר־שטאָקיקע געביידע מיט אירע גרויסע און קלענערע זאַלן געווען באַוווינט פון היימלאָזע, אָפּגעלעבטע מענטשן פון אַלטן דור, וואָס האָבן שוין קיין גרויסע גליקן פון לעבן נישט דערוואַרט. דער גרעסטער טייל פון די אַזיל־איינוווינער זיינען געווען עלנטע. זיי האָבן קיינעם מער נישט גע־האַט אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיי קומען באַזוכן. סיידן אַמאָל אין אַ יובל האָט זיך עפּעס געיאַוועט אַ כלל־טוערין, וואָס האָט די איינזאַמע מיטגעבראַכט אַלטע בגדים און אַביסל אויסגעדראָ־שענע טרייסט־ווערטער.

זומער־צייט פלעגן זיך די איינזאַמע זקנים און זקנות אויסזעצן אויפן גרויסן, פירקאַנטיקן הויף און זיך וואַרעמען אויף דער זון. טייל האָבן זיך אַריינגעפּלאָכטן אין אַ קרענצל, כדי צו כאַפּן אַ וואָרט. אַנדערע האָבן זיך געזעצט באַזונדער, ווי זיי וואָלטן געווען אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט פאַר זיך. צווישן די זקנים האָבן זיך גע־פונען מענטשן מיט פאַרשידענע כאַראַקטערן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געציילט די טעג און זיך געפרעגט, מיט אַ שטומען בליק צו דער זון, ווי לאַנג זיי קענען זיך נאָך אַזוי אַרומשלעפּן אויף דער וועלט?... קיין שום זאַך האָט זיי שוין מער נישט איבעראַשט. זייערע פּנימער האָבן דערמאָנט אין דער טונקעלער קאָרע פון אַלטע איינגעבויגענע ביימער. אין זייערע באַוועגונגען איז געלעגן אַ גלייכגילטיקייט צו אַלצדינג, וואָס געשעט אַרום זיי. זייערע גופים זיינען געווען אָנגעלעגט אויף שטעקנס, ווי געביידעס, וואָס האַלטן ביים איינפאַלן... און זייערע נשמות האָבן זיי דערהאַלטן

ביים לעבן, זאָגנדיק יעדן טאָג אַ שטיקל תהילים, אָדער אַריינ=
קוקנדיק אין אַ ספר. טייל האָבן זיך טאַקע אַרומגעטראָגן מיט
ספרים, ווי לומדים אויף אַ רייזע. די דאָזיקע זקנים האָבן שוין
נישט גערעדט, נאָר געבורטשעט, אַזוי אַז אָפּטמאָל איז זיי שווער
געווען צו פֿאַרשטיין.

עס זיינען אָבער געווען אַנדערע זקנים, וואָס האָבן אויפֿגע=
האַלטן זייער גוטע שטימונג ביז אין לעצטן טאָג פֿון זייער לעבן.
זיי האָבן געשמעקט טאַבאַק, כדי זיך אויפֿצומונטערן. זיי האָבן
אַמאָל אין די נאָכמיטאָגס געשפּילט אַ שאַך, אַ דאַמקע און אַנדערע
אפילו אַ קערטל אויך. צווישן זיי האָט מען נאָך געקענט געפֿונען
אַ „ליצנות=טרייבער", וואָס האָט אַמאָל מיטן שטעקן אַ טשעפּע
געטאָן אַ זקנה און זיך בשעת=מעשה צעכיקעט, ווי נאָך אַן אָפּגע=
טאָן חכמהלע. זיי, די דאָזיקע „לעבס=יונגען" מיט קברות=בלעטלעך
אַריינגעפֿלאָכטן אין די קאָלטנוואַטע, גראָע בערד, פֿלעגן זיך נאָך
צייטנווייז אין די הייסע זומער=טעג אַוועקלאָזן אין שכנותדיקן פּאַרק
אַריין און אַרומשפּאַצירן צווישן יונגע געאָרעמטע פּאָרלעך, אַז זיי=
ערע אַלטע נשמות זאָלן זיך אַביסל אויפֿרישן... די אָפּגעשוואַכטע
מוחות זייערע פֿלעגן זיך דעמאָלט דערמאָנען, זיצנדיק אין פּאַרק
אויף אַ באַנק, ווייט=פֿאַרגאַנגענע יוגנט=בילדער. די יוגנט=זכרונות
פֿלעגן תמיד איבערלאָזן אין זייער געמיט אַ פֿייכטקייט פֿון פֿרי=
מאָרגן=טוי און אַריינגיסן אַ פֿרישע זאַפֿטיקייט אין זייערע אַלטע
אויסגעמאַרכטע ביינער.

*

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע האָבן זיך אין דעם אַזיל אויפֿ=
געהאַלטן קינדער, אַריבערגעפֿירטע פֿון יתומים=הייזער.

דער הויף, וואָס איז אַמאָל געווען באַזעצט מיט זיפֿצנדיקע זקנים
און זקנות, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי אויפֿגעלעבט און פֿאַר=
קלינגען פֿון קינדערישע לאַכענדיקע שטימלעך, אַז דער אַזיל האָט

נאָר דערמאַנט אין אַ פאַרווײלונג־הויז פאַר קינדער, געקומענע פון זאַטע היימען, פאַרזאָרגטע מיט כל־טוב...

די קינדערלעך, נישט־פילנדיק די סכנה פון די קומענדיקע טעג, זײַנען, ווי נאָר מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט אויפן הויף, ממש ווילד געוואָרן פאר פרייד. זיי האָבן זיך צעפלאָסן מיט גערויש פון אַ וואַסער־פאַל. טייל האָבן געזונגען; טייל האָבן געוואָרפן די היטע־לעך אין דער לופטן, געקלעטערט איינער אויפן צווייטן, נישט האָבנ־דיק די אַמאָליקע הילצערנע פערדעלעך, געוואָרפן שטיינער צו די פייגל, אַראָפּגעגליטשט זיך פון די שטיגן־אנלענען, געפאַלן, געוויינט און געלאַכט, אויפגעהויבן זיך און ווידער אַריין אין דער וועלט פון פאַרווײלונג.

דאָס קליינוואַרג איז מען געקומען באַזוכן פון נאָענטע און ווייטע קוואַרטאַלן.

עס זײַנען געקומען מאַמעס צו אייגענע און צו פרעמדע קינדער. קינדערלאָזע פרויען מיט פולע אָרעמס שפּילצייג. פאָרשטייער פון אָרגאַניזאַציעס. באַאַמטע פון פראַנצויזישע קינדער־היימען. דאָק־טוירים און קראַנקן־שוועסטער. פרויען פון רויטן־קרייץ און לערע־רינס פון שולן. די קיילעכדיקע יתומימלעך האָבן זיך גערן געלאָזט צערטלען פון פרעמדע פרויען־הענט.

אַז ס'איז עפּעס פאָרגעקומען אַן ענדערונג אויף דער וועלט, האָבן די קינדער ערשט דערפילט, בעת די אויפזעער פון אַזיל האָבן זיי אַמאָל אין אַ שיינעם העלן טאָג אַראָפּגעטריבן אין אַ קעלער אַריין און זיי געהייסן אויסציען זיך אויפן שמוציקן באָדן...

אויפן באָדן ליגנדיק, פאַרזונקן אין שטילקייט, האָבן די קינדער פּלוצלונג דערהערט אַ קראַך, ביי וועלכן די ערד האָט אַ ציטער גע־טאָן און זיי, די קינדערלעך, איבערגעדרייט מיט די פּנימלעך אַרויף.

דערנאָך, ווען זיי זײַנען צוריק אַרוים פון קעלער, האָבן שרעק־לעכע געוואַלטן פאַרטויבט דאָס אַזיל־געסל. אין געלויף האָבן טויזנ־טער טריט אַראָפּגעהילכט פון די טראָטואַרן און פון די בריק־שטיינער. דער אַזיל איז אויף געציילטע מינוטן געבליבן הפקר. די

אויפזעער האָבן פאַר שרעק פאַרגעסן אין די קינדער. זיי זיינען ווילד אַרויסגעלאָפן באַקוקן דעם נס. אַ באָמבע האָט געהאַט צע־שמעטערט אַן אַקעגנאיבערדיק אָרעם הויז און דער אַזיל איז געבליבן אומבאַשעדיקט. די קינדער האָבן זיך, ווי פייגל אין אַ שטורעם, אַרויסגעלאָזט דורכן טויער און זיך אַוועקגעשטעלט באַטראַכטן די געביידע, וואָס האָט נאָך געראויכערט. אָרעם־געקליידעטע־פרויען מיט צעלאָזענע האָר, מיט אויפגעריסענע בליקן פאַר שרעק, זיינען ווי משוגע־געוואָרענע געלאָפן איבערן געסל. פּאָליציייאישע פייפלעך האָבן אַן אויפהער געזשומעט אין דער לופט. אַ פאַרטויבנדיקער סיגנאַל פון אָנפּאָרנדיקע פייער־לעשער האָט איבערגעשריגן דעם געוויש פון טויזנטער קולות. די קינדער האָבן זיך מיט נייגעריקייט צוגעקוקט ווי טייל פייער־לעשער קלעטערן אויף ברענענדיקע ווענט און אַנדערע, מיט לאַנגע קישקעס אין די הענט, צערייסן די פלאַמען מיט קרעפטיקע וואַסער־שטראָמען.

די דערוואַקסענע קינדער זיינען געשטאַנען איבערגעשראָקענע. אָבער די מינדעריעריקע קינדער האָט דאָס בילד אַזוי פאַרכאַפּט, אַז קיינער האָט זיך פון אָרט נישט געוואָלט רירן. די אויפזעער האָבן זיך אַ לענגערע ווײַלע געמוזט אַרומיאָגן מיטן קליינוואַרג, איידער זיי האָבן זיי צוריק אַריינבאַקומען אין טויער. און די קליינ־געגדיקע שטימעלעך האָבן געפרעגט ביי די אויפזעער, ווען עס וועט ווידער ברענען אַ געביידע...

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, בעת די קינדער האָבן זיך ווי תמיד געשפּילט אויפן הויז, פאַרהילכנדיק דאָס גאַנצע געסל מיט זייער אומשולדיק געלעכטער, איז פּלוצלונג אָנגעפאָרן אין פראַנצויזישע פּאָליציייאישע קעטשלעך, אַ מחנה געשטאַפּאָוצעס. זיי זיינען באַ־פאַלן דעם הויף און אכזריותדיק געכאַפּט די קינדער, ווי זיי וואָלטן געריסן פליגל פון צאַפּלדיקע עופות. און איידער מען האָט זיך באַ־וויזן אומצוקוקן, זיינען אַלע קינדער אַוועקגעפירט געוואָרן...

דער אַזיל איז געבליבן אויסגעליידיקט. אויפן הויף האָבן עטלעכע קינדערישע העמדלעך מיט אויסגעשטרעקטע אַרבעלעך זיך נאָכגע־

נאַנד געהוידעט אויף אַ שטריק... דער אַזיל איז אַנטשוויגן געוואָרן ווי אַ בית־עולם...

*

ערשט נאָך דער באַפרייאונג האָט דער אַזיל זיך ווידער אויפ־געוועקט. אַ טראַנספּאַרענט ביים איינגאַנג — רויטע אותיות אויף אַ ווייסער לייוונט — האָט אָנגעזאָגט, אַז דאָ געפינט זיך אַן „אויפ־נאַם־צענטער".

צו דעם „אויפנאַם־צענטער" האָבן איצטער געצויגן דעפּאָר־טירטע, קריגס־געפאַנגענע און סתם היימלאָזע יידן, וואָס האָבן נאָך דער באַפרייאונג אַרויסגעשטעקט זייערע האַלב־טויטע קעפּ פון די „באַהעלטעגישן" און געטראָפן זייערע היימען פאַרנומענע דורך פרעמדע מענטשן.

פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, איז דאָס באַרג־אַרויף־געסל געווען געפלעקט מיט פאַרשידנפאַרביקע מיליטערישע מונדירן, מיט ציווילע אַנצוגן און מיט פרויען־מלבושים. די היימ־לאָזע, וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג דאָ געקלעטערט אויפן בערגלדיקן טראָטואַר, דעם קאָפּ פאַרשטעקט הינטערן באַגאַזש, האָבן דער־מאַנט אין אַ פאַרביקן קאַראַוואַן, וואָס האָט זיך געצויגן פון מעט־ראָ „שאַטאָ־רוזש" ביז צום טויער.

איידער מען האָט די אַלע היימלאָזע דאָ איינגעאָרדנט, האָבן זיי זיך דערווייל גרופּירט אויפן הויף, זיצנדיק אויף זייערע פּעקלעך, וואַליזקעס, רוקזעק, קעסטעלעך, קאָלדרעס, בעטגעוואַנט און אויף קאַנטיקע שטיינער. דער הויף האָט דערמאַנט אין אַ מאַרק פון אַ קליין חרוב־געוואָרן שטעטל נאָך אַ שרפה. מען האָט דאָ פאַרקלונגען דעם הויף מיט כלערליי שפּראַכן. מען האָט דאָ געגעסן געמיטלעך, זיצנדיק אויף די וואַליזעס. פרויען האָבן זיך דאָ פאַרצירעוועט זאָקן, געניייט קנעפּלעך, געשריבן בריוו אויף שטיינער. סאָלדאַטן האָבן זיך אָן בושה איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער. מען האָט דאָ גע־טוישט אויסלענדיש געלט אויף פראַנקן, פאַרהאַנדלט אַ באַקומע־

נעם קאָמיטעט־אַנצוג, אַ פּאָר מיליטערישע הויזן, אַ העמד, אַ פּאָר מיליטערישע שיך, שפּייז־קאַרטן, שאַכטלען קאָנסערוון־פלייש און צעשיטע אַמעריקאַנער פּעקלעך אין צעריסענע שאַכטלען.

אויפן אַזיל־הויף האָט זיך אויך געפונען עליאַש ריינהאַרץ. ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער אויף זיין וואַליזע, גראָבנדיק מיטן שטעקן אין זאַמדיקן באָדן.

פיר טעג זיינען קוים געווען אַריבער, ווי ער איז צוריקגעקומען קיין פאַריז. אָבער זיי זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט אַ סך געשעענישן.

בעת דער אַזיל־דירעקטאָר האָט אויסגערופן עליאַשס נאָמען, איז שוין די נאַכט לאַנג געהאַט צוגעפאַלן און אויפן הויף האָבן נאָך גע־ראַיעט אַ היפּש ביסל היימלאָזע, מענער און פרויען.

ער האָט זיך ראַפּטום אויפגעכאַפּט. מיטן געפּעק אין די הענט איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן ערשטן שטאָק. אַ לאַנגער, ברייטער זאַל, געדיכט באַשטעלט מיט אייזערנע בעטלעך, איבערגעפּאַקט פון היימלאָזע, איז אויפגעגאַנגען אין זיינע אויגן. אַ באַטויבנדיקער קאַזאַרמע־געררויש האָט שאַרף געקלינגען אין זיינע אויערן. אַן אויפ־געררייצטער פון דעם הארמידער האָט ער זיך, שווער אָטעמדיק, אַראָפּ־געלאָזט אויף זיין אייזערן בעטל.

אינמיטן זאַל, אַרום אַ געלעגער באַזעצט מיט פיר פיגורן פון סקעלעטן, איז געשטאַנען אַ גרופּע אַזיל־איינוווינער און האָט הויך אויפן קול דיסקוטירט וועגן דעם אופן פון באַפרייט ווערן. אַ מאַטער אָפּשיין פון די קליינע לעמפּלעך, אַריינגעשרויפטע אין די סופיטן, האָט זייערע פנימער פאַרוואַנדלט אין געלע מאַסקעס מיט שאַרף־אויסגעטיילטע קין־באַקן.

איינער, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער גרופּע מיט זיין אָנגעפרעסן פּנים, אין אַ פּאָר אָפיצערסקע שטיוולעך, אין אַ פּאָר העלע, געשנירלטע ספּאָרט־הויזן, האָט אַלעמען איבערגעשריגן מיט אַ געזונטער שטימע.

— הער נאָר דו! — האָט איינער מיט אַ פינגער אַ שטאָך־

געטאָן דעם פּאַרשוין אין די אָפּיצערסקע שטיוועלעך. — דו ביסט ב'שט אַמאָל געווען אַ קאַפּאָ ?

ערשט איצטער האָט זיך דאָס קרענצל צעשאָטן און דער עולם האָט גענומען באַטראַכטן מיט חשד דעם פּאַצעט אין די אָפּיצערסקע שטיוועלעך. און עטלעכע קולות האָבן זיך געהערט מיטאַמאָל:

— יאָ, אַ קאַפּאָ, אַ קאַפּאָ!

די דיסקוסיע פלעגט זיך אָפּטמאָל אַזוי לאַנג פאַרציען, אַז די אויסגעמאַטערטע, שוין־ליגנדיק אין די בעטן, האָבן גענומען געוואַלדעווען, אַז מען זאָל אויפהערן גוידערן, פאַרלעשן דאָס ליכט און מאַכן נאַכט. עס פלעגט אפילו טרעפן, אַז שיך האָבן גענומען פליען אין דער לופטן.

באַגינען, ווי נאָר די ערשטע טאָג־פלעקן האָבן זיך גענומען ציי־כענען אויף די דיקע, קאַרבירטע שויבן וואַרפנדיק שמאָלע שטרייפ־לעך גאָלד אויף די העלע ווענט, צעגלאַנצטע פון אייל־פאַרב, האָבן זיך די אַזיל־איינוווינער איבערגעוועקט. די עלטערע מענטשן זייגען נאָך אַ לענגערע ווײַלע פאַרבליבן אין די בעטן, געכאַפּט אַ שמועס וועגן איינאָרדענען זיך צוריק אַ היים. טייל האָבן זיך גענערט מיט האַפענונגען. ווער צו קענען זיך אַריבערכאַפּן קיין אַמעריקע, און ווער קיין אַרגענטינע צו קרובים, וואָס שיקן דערווייל אין געפּלאַצטע שאַכטלען — עסנוואַרג און אין בריוו — גוטע צוזאָגן. די יוגנט האָט זיך אָבער גלייך געשטעלט אויף די פיס. פון אַלע שטאָקן האָבן פלינקע טריט געאײַלט צום וואַש־זאַל. די געעפנטע קראַנען האָבן באַלד גענומען שאָרעווען מיט שרייענדיקע וואַסער־קולות. אין אַ קאַליע־געוואָרענעם קראַן האָט אַן ענגע שרויף גענומען גרילצן ווי אַ ביי ראָד אויף אַן אַלטן וואָגן. אַ האַנט האָט געעפנט די טיר. אין קאָ־רידאָר האָבן זיך כסדר פאַרבייגעטראָגן פיגורן מיט האַנטוכער אויף די העלדזער. זייערע פיס האָבן אויפגעהויבן אַ שטויב, וואָס האָט זיך צעפּראָשעט אין דער לופט און געבליבן אַ רגע הענגען ווי אַ שי־טערער וואָלקן.

ביי די קראַנען איז יעדן פרימאָרגן אויסגעבראָכן מחלוקת. ווען

עמיצער האָט זיך בעתן וואַשן איינגעזייפט דאָס פּנים, פאַרמאַכנדיק דערביי די אויגן, האָט מען אים אָפּטמאָל דערווייל אַוועקגעגנבעט דאָס שטיקל זייף. דעם באַגנבעטן האָט מען תמיד אויפגענומען אין זאַל מיט אַ גרויס געלעכטער. אַ פאַרשעמטער איז ער צוריק אַרויס צום קראַן און זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן ביז עס וועט זיך אַ צווייטער איינזייפן... האָט ווער אַנידערגעשטעלט אַ שפּיגעלע מיטן שאָטן פון זיין פּנים און איז אויף אַ רגע אַוועקגעלאָפן אַ כאַפּ טאָן זיין פאַרגעסן האַנטוך, האָט מען אים דערווייל אונטערגעלקחנט דאָס שפּיגעלע צוזאַמען מיט זיין שאָטן. ראַזיר=קלינגלעך איז בכלל נישט געווען מעגלעך אַוועקצולייגן. איינער האָט אַ קלינגל לאַנג געשאַרפט אויפן פּאַסעק און ווינאָר ער האָט עס אַוועקגעלייגט האָט עס אַ צווייטער געשיקט אַריינגעשרויפט אין זיין ליידיק מאַשינדל און זיך דערמיט ראַזירט. אַ ראַזיר=אַפּאַראַט האָט דאָ געקענט, במשך פון אַכט טעג, אַרומגיין אין צענדליקער וואַליזעס.

באַלד נאָכן פרישטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער „אינטערנאַציאָנאַלער יאָר=מאַרק“. צו די סאַמע טומלדיקסטע זאַלן האָט געהערט דער גרעסטער אויפן ערשטן שטאָק, וואָס האָט אַריינגענומען איבער פערציק בעטלער. יעדעס בעטל — אַ צייטווייליקע היים. די ברייטע און לאַנגע, ווי אין די פאַבריקן=פענצטער, זיינען טאָג און נאַכט דאָ געווען אויפגעפּראַלט. ביים אויסשטויבן די קאָלדרעס, האָט זיך דאָ דער און דאָ יענער געכאַפּט, אַז מען האָט אים ביינאַכט אונטערגעלאַטכנט אַ קאָלדרע. איז ווער געגאַנגען זוכן די גנבה אין פרעמדע בעטן, האָט מען דעם באַגנבעטן צוגעשפּילט, אַז די קאָלדרע ליגט שוין אין אַ „רעמיז“ אויף „פּאָרט דע קליניאַנקור“.

ווען דער עולם איז נאָך אַרומגעקראָכן האַלב=נאַקעט, האָט זיך יעדן פרימאָרגן באַוויזן אַ געלער ייד, אַ באַברילטער אין אַ פאַרשטויבט בערעטל, מיט אַ זאַק אונטערן אָרעם. געקומען איז ער אויפקויפן אַלטוואַרג. דער טומעל אַרום דעם יידן איז מיט יעדע רגע אָנגעוואַקסן ווי אויף אַ היימישן שאַכער=מאַרק. די „מאַגאַזינען“, וואָס האָבן זיך געפונען הינטער די שטרויענע קאָפּ=קישלעך, האָבן זיך מיט

באַטויבנדיקע קולות געעפנט און דער אויפקויפער איז באַשיט געוואָרן מיט „סחורה“ פון אַלע עקן וועלט. טיילמאָל האָבן אים די אַזילניקעס אַריינגעדרייט אַ פּאָר קאָמיטעט־שיך, וואָס איינער האָט געשטאָטט פון ניו־יאָרק און דער צווייטער פון בוענאָס־איירעס און ביידע זיינען געווען אויף איין פוס. דער סוחר האָט זיך מכלומרשט געמאַכט נישט זעענדיק, ווייל ער האָט סיי־ווי דאָס אַלץ אַרויסבאַקומען בחצי־חנם.

נאָכן אָפּגעמען די פּאָסט האָט זיך אַ טייל צוזאַמענגעשטעלט, גרייט צו גיין אין גאַס אַריין האַנדלען. ווי ביי אַקטיאָרן לויטן גרים, איז לייכט געווען צו דערקענען וואָס פאַרא ראָל דער אָדער יענער גרייט זיך אָפּצושפּילן. איינער איז אַריינגעקראָכן אין אַן אַמעריקאַנער מילימערישן אַנצוג, וואָס האָט אים געניצט צום מסחר. אַ צווייטער — אין אַ פּראַנצויזישן און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף די ווייטסטע פּראָווינצן האַנדלען מיט ציגאַרעטן. אַ „באַנדע“ האָט אויף אַ בעט אויסגעציילט דייטשע מאַרקן, גרייטנדיק זיך אַריינצופאָרן קיין דייטשלאַנד אויפקויפן צירונג. דערווייל, ביז וואָס, ביז ווען, פלעגן זיי אויסנוצן די היימלאָזע, וואָס האָבן נישט געהאַט ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ, און גענומען ביי זיי אָפּטרעט־געלט פאַר די בעטלער.

דער דייטשער ייד האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער גאַס אַריין מיט צוויי שווערע וואַליזעס און מיט אַן אָנגעשוואָלענעם רוק־זאַק אויף די פּלייצעס. ער האָט מורא געהאַט איבערצולאָזן זיין „פאַרמעג“ אין אַזיל, אַז מען זאָל אים נישט באַגנבענען. אַ געוועזענער וואַלד־סוחר פון פּוילן, איז געשטאַנען ביים פענצטער און ביים שיין פון טאָג־ליכט, באַקוקט פאַלשע דאָלאַרן. אַ נידעריק רויטפּנימדיק יידל, אַ האַלב־צעדרייטער, האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין גאַס אַריין מיט אַ שווער בוך אונטערן אָרעם, וואָס ער האָט עס קיינמאָל נישט געלייענט און קיינמאָל זיך דערמיט נישט צעשיידט. זיין צעדרייט גרין קאַפּעלושל האָט ביים אַרויסגיין תמיד אַריינגעכאַפּט עטלעכע לייכטע קנייטשן פון די ווילע־יונגען. ער האָט זיי אינדערגיך צוגעוואָרפן אַ

שאַרפֿן בליק און זיך אַרויסגערוקט הינטערוויילעכץ, מורא־האָבנדיק, נישט אַריינצוכאַפּן אַ קאַפּע אין הינטן אַריין.

אַ ליטוואַק, וואָס האָט פאר דער מלחמה שטודירט אין נאַנסי, האָט ווי יעדן פרימאָרגן, מיט אַ פאַרשלאָפֿן פּנים, אַרומגעזוכט אויף אַלע בעטן זיינס אַ שטיקל וועש, וואָס ער האָט עס שוין לאַנג געהאַט פאַרקויפט...

אַ האַמבורגער ייד האָט זיך, ווי יעדן פרימאָרגן, אַרומגעדרייט לאַנגע שעהן מיט אַ גאַקעטן ביוסט, אַ האַנטעך פאַרוואָרפן אויף זיין אויסגעהאָרבעטער פּלייצע און מיט אַ שמאַטקע האָט ער גאַנץ־לאַנג־זאַם אַרומגעווישט זיין „מעבל“.

דאָס קליינע שניידערל, אַ געל־האָריקער מיט געדיכטע ווייסע ברע־מען, איז זיך רואיק געזעסן אויף זיין בעט, די פיס פאַרפלאָכטן ווי אַ בענקעלע און האָט זינגנדיק אַ שניידעריש לידל, איבערגעמאַכט אַן אַנצוג אויף דער האַנט.

אַ גרופּע גריכישע יונגעלייט, שיין־געוואַקסענע מיט בראָנז־פּנימער און שוואַרץ־געלאָקטע האָר, האָט זיך אויף אַ פּרימוס־מאַ־שינקע אויפגעקאָכט שאָקאָלאַדע און דערווייל באַזינגען דאָס טעפּל מיט נאַציאָנאַלע, גריכישע לידער.

צוויי רעליגיעזע יונגעלייט, די באַקן באַוואַקסן מיט אַ האָריקן מעד, זיינען געלעגן אין די שיך אויף אַ בעטל און אַריינגעקוקט אין אַן אַלט געל־געפלעקט ספר. דאָס ספר האָט ווער אוודאי געהאַט אויס־באַהאַלטן אויף אַ בוידעם מיט אַן אָפענעם דאַך. די בלעטער זיינען געווען געשטרייפט מיט רעגן־פלעקן. לעבן די צוויי רעליגיעזע יונגע־לייט, אויפן שכנותדיקן בעטל, האָבן צוויי יונגע מיט הפקרדיקע פּנימער געשפּילט אַ „דערדל“ אויף אַ טויזנטער און דאָס געלט איינגעלייגט ביי די פרומע יונגעלייט.

איינציקווייז איז אין דעם גרויסן אַזיל־זאַל געוואָרן שטילער. דורך די אָפענע פענצטער האָבן זיך דערטראָגן מיידלישע, קלינגנ־דיקע שטימעלעך, געקומענע פון פרויען־בלאָק.

עליאַש איז, אין אָנגעטועכץ, געלעגן אויף זיין בעטל און אַריינ־

געקוקט אין דעם אַרומיקן, באַוועגלעכן בילד, ווי ער וואָלט געלייענט אַ ווערק, געבויט אויפן נאָך־מלחמהדיקן שטייגער־לעבן.

„אַ לאַגער אָן שטעכל־דראָטן...“ — האָט זיך אים געטראַכט.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. באַקוקט זיינע פּיס. מיט אַ פריידיקן ציטער האָט ער באַמערקט, ווי דאָס געשווילעכץ איז אַ היפּש ביסל אָפּגעפאַלן. ער איז גלייך אַרויס פון בעט און געפּרוווט אַרומשפּאַ־נען אָן שטעקן.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און באַמערקט ווי צוויי אַזיל־איינוווי־נער פאָרען זיך אַרום אַ קראַנקן, וואָס ליגט אין בעט אין אַ לויז גאַכט־העמד און מיט אַ קרעכצנדיקן, אָפּגעהאַקטן אָטעם און אויס־געשטרעקטער האַנט בעט ער, מען זאָל אים עפּעס דערלאַנגען.

אויף אַ צווייט בעטל זיצן צוויי עלטערע יידן און דערציילן זיך מלחמה־געשעעניש.

אויף אַ דריט בעטל — צוויי געעפנטע וואַליזקעס. עס שטייען דאָ צוויי מיטליעריקע יידן און פּאַקן איין זייערע זאַכן.

עליאַש הערט זיך איין אין זייערע רייד :

— אַרויס פון דאַנען. נאָר אַרויס. פאַר פּראָדוקטיווע מענטשן איז דאָ קיין פּלאַץ נישט.

עליאַש האָט אַוועקגעשפּאַנט און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ בעטל, אויף וועלכן עס איז געלעגן, אין אָנגעטועכץ, אַ שוואַרץ־חנעוודיקער יונגער בחור און האָט פאַרטיפט געלייענט אַ בוך.

עליאַש האָט געכאַפּט אַ בליק און איבערגעלייענט : „דאָס פאַלן פון פּאַריז“ פון איליאַ ערנבורג.

— דאָס בוך געפעלט דיר ?

דער יונגערמאַן האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן אויף עליאַשן.

— פאַרוואָס נישט ? עס זיינען דאָ באַשריבן אמתע פאַקטן.

— ווי הייסטו ?

— זשאַק קריינין.

— האָסט נאָך וועמען אין פּאַריז ?

דער יונגער בחור האָט עליאַשן אַ ווײַלע טיף אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.

— דערווײַל קיינעם נישט.

און ווי צופרידן, וואָס עס שענקט אים ווער אויפמערקזאַמקייט האָט ער זיך צערעדט:

— מײַן פאָטער, אַ פּשוטער אַרבעטער, האָט מיך דווקא געוואָלט מאַכן פאַר אַ קינסטלער. געלערנט אין דער קאָנסערוואַטאָריע. דאָס לעצטע יאָר, פאַרן מלחמה־אויסברוך, באַקומען דעם צווייטן פּרייז פון פידל. וואָס פון מיר וועט איצט ווערן? — האָט קרייניץ געהויבן מיט די אַקסלען. — איך טראַכט זיך צו לערנען אַ פאַך.

— און דו האָסט מער נישט קיין אַמביציע פאָרצוזעצן דײַן שטודיע אין דער קאָנסערוואַטאָריע?

— ווער וועט מיך אויסהאַלטן? איך בלײַב דאָ נישט לאַנג. כ'בין פאַרשריבן אין אַ „יוגנטהויז“, וואָס ווערט פאַטראָנירט פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. צווישן דער יוגנט וועל'ך זיך גוט פילן. איין גורל, איין אידעע.

עליאַש האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן ראַנד פון בעטל.

— וואָסערע אידעע?

קרייניץ האָט אַ ווײַלע געשוויגן. און דערנאָך געזאָגט, מיטן בליק געווענדעט אין דער ווײַטקייט.

— די זעלבע אידעע, פאַר וועלכער מײַן פאָטער איז געפאַלן.

— געפאַלן?

— געפאַלן מיט געווער אין האַנט. אין 43־טן יאָר, אין „האָט־סאַוואַ“.

— און דײַן מוטער?

— דעפּאָרטירט.

— און דו?

— אויך געווען דעפּאָרטירט.

— טאָ פונוואַנען ווייסטו, אַז דײַן פאָטער איז געפאַלן?

— אַזעלכע זאַכן דערוווסט מען זיך שוין...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. מיט צוויי פינגער האָט ער זיך אויף אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן.

עליאַש האָט זיך אויפגעשטעלט.

— און קיין לעבן־געבליבענע משפחה האָסטו נישט ?

— יאָ. כ׳האָב דאָ אַ פעטער און אַ מומע. אָבער כ׳קען זיי נישט פאַרטראָגן. זיי זיינען אויף אונדזער חשבון רייך געוואָרן. איך וויל נישט אויסבעסערן מיין לאַגע מיט זייער געלט און מיט זייער רחמנות. דאָס קענען נאָר אנעמען מענטשן, וואָס גלויבן נישט מער אין זייער צוקונפט.

— דו געפעלסט מיר זשאַק ! — האָט עליאַש, פאַר צופרידנקייט, קריינענען אַ טרייסל־געטאָן ביים אַקסל.

— נו, גוט. איך וועל דיך אַמאָל קומען באַזוכן. — האָט עליאַש לייכט אַ גלעט געטאָן קריינינס קאָפּ. — ווו געפינט זיך דאָס יונגט־הויז ?

— אין מאָנטרוי. די אַדרעס וועל איך אייך ערשט געבן מאָרגן.

— אַ דאַנק. לייען ווייטער, זשאַק ! און גלויב אין דיין צוקונפט !

— אוודאי. — האָט דער יונגער זשאַק צוגעשמייכלט.

אין אַ געהויבענער שטימונג איז עליאַש אַוועק פון קריינינס בעטל. ער האָט אויף אַ רגע געהאַט פאַרגעסן זיינע געשוואָלענע פיס און גענומען שפּאַנען מיט אַ זיכערן טראָט. אָבער באַלד האָט ער זיך אַ וואַקל־געטאָן און אומגעפאַלן.

די צוויי רעליגיעזע ייִנגעלייט האָבן האַסטיק אויסגעדרייט די קעפּ.

— דו לערנסט זיך ערשט גיין ?

— מיר זיינען דאָך ניי־געבוירענע מענטשן.

— אַ סך פון אונדז זיינען אפילו צו דיין גאַנג אויך נישט דער־גאַנגען — האָט איינער פון די יונגעלייט געזאָגט.

— כ׳ווייס...

און צוריקשפּאַנענדיק צו זיין בעטל האָט עליאַש נאָכגעטראַכט :

„מיין פרוי, מיינע קינדער — געהערן זיי נישט אַמאָל ?...“

ער האָט אַ נעם געטאָן דעם שטעקן און זיך אַרויסגעלאָזט אין

גאַם אַריין, מיט דער כוונה זיך צו דערשלאָגן צום האָטעל־לומעציאַ, אָפּוואַרטן די צוריקגעקומענע...

*

פאַרבייגייענדיק די קאַפּע „דיפּאָן“, קעגנאיבער דער מעטראָ באַרבעס, האָט עליאַש פאַרלאַנגזאַמערט זיין גאַנג. דער קינסטלער אין אים האָט נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו דעם צערוישטן שטיק לעבן. די קאַפּע איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. די ענגלישע שפּראַך האָט פאַרהילכט דעם בולוואַר. אַרום דער קאַפּע האָבן, מיט לויערנדיקע אויגן, אַרומגענישטערט אויפקויפערס פון אַמעריקאַנער סחורות. אויף דער פאַרונדיקטער טעראַסע זיינען געזעסן אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, ווייסע און שוואַרצע, און זיך אונטערגעהאַלטן מיט פראַנצויזישע לייכטזיניקע מיידלעך. די צוגעשמינקטע מיידלעך, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן די פרעכקייט פון זייערע אויגן מיט שרייענדיקע פאַרבן, האָבן זיך אויסגעשמועסט מיט די מיליטער־לייט אויף שטום־לשון, אַרויסלאָזנדיק פון צייט־צו־צייט אַ הילכיק געקינצלט געלעכטער.

דערשוויצטע, צעיאַכמערטע אויפקויפער, אַלזשיריאַנער, פראַנצויזן זיינען דאָ אַריין און אַרויסגעשפּרונגען פון דער קאַפּע, ממש ווי מייוולאָנים. אַנדערע האָבן באַלאַגערט דעם שכנותדיקן „פּאַלע־דע־באַרבעס“, וואָס איז נאָך אַלץ באַזעצט געווען פון אַמעריקאַנער מיליטער.

אינעווייניק, אין דער קאַפּע „דיפּאָן“, איז זיך ממש נישט מעגלעך געווען אַריינצודרענגען. אַ געדיכטער וואָלקן ציגאַרעטן־רויך איז געשטאַנען אין דער לופט. ווי אין אַ געפּל האָבן זיך דאָ באַוועגן פאַרשידענע מיליטערישע אוניפאָרמען, ציווילע אַנצוגן, דאַמסקע ספּאָרט־בלוזקעס און לאַנגע גראַנאַטענע הויזן איבער דריבנע פרויען־שיכלעך. אַ געזשום פון קולות אין עטלעכע שפּראַכן. אַ געגיי אַהין־און־צוריק. די טירן דרייען זיך נאָכאַנאַנד און דאָס גלאָז שפּיגלט זיך אין דער זון, ווי ס'וואָלט ערטערווייז געברענט. מיליטערישע און צי־

ווילע שיך רירן אין געאייל קוים אָן די שטיגן, וואָס פירן צום רייך־דעקאָרירטן קאַפע־קעלער. און אַנדערע שיך הויבן זיך אַרויף מיט די שטיגן. הענט ציילן געלט און שאַרן זיך פאַרזיכטיק אַרויס פון דער קאַפע, נאָכשלעפנדיק שווערע גופים, אַרומגעבעטע מיט אַמעריקאַנער סחורות. דאָ און דאָרט אַ האַלב־שיכורער אַמעריקאַנער סאָלדאַט מיט די פיס אויפן טישל. איינער זינגט, דער צווייטער שרייט, דער דריטער פייפט. אַנדערע זיצן מיט די קעפּ אָנגעלענט אויף מיידלישע אַקסלען און קייען נאָכאַנאַנד שווינג־גומי. אין די פאַרשטעקטע ווינקעלער עפענען זיך אַמעריקאַנער שינעלן ווי פארהאנגען אין אַ מאַגאַזין און עס ווערט אינדערגיך אויסגעפּאַקט און איינגעפּאַקט: קאַרטוזשן ציגאַרעטן, מיליטערישע הויזן, ניילאָן־זאָקן, קאָלדרעס, קאָנסערוון־פּושקעס, גאָלדענע זייגערלעך און רינגלעך. און דאָס אַלץ ווערט כהרף־עין איינגעשלונגען פון די אויפקויפערס און בגנבה אַרויסגעטראָגן.

אין דעם געטומעל האָט עליאַש באַמערקט עטלעכע יידישע פּנימער אויך. יידיש־רעדנדיקע מיידלעך, די פיס געפּאַרבט אויף אַ זאָקן־קאָליר, אין שיכלעך מיט האָלץ־זוילן. זיי האָבן זיך אין אים אָנגעשטויסן ביים אַרויסגאַנג.

עליאַש האָט איינגנטלעך נישט געוווסט צו וואָס ער דרייט זיך דאָ אַרום. אָבער ער האָט פונדעסטוועגן פון דעם באַוועגלעכן בילד נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן.

אַרויסקומענדיק צוריק אויף דער גאַס, איז צו עליאַשן אונטער־געשפּרונגען אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט און אים אַריינגעשושקעט אין אויער:

— אַ ייד?

— אַ ייד.

— קויפסט אַ גאָלדן דאַמען־זייגערל? נאָר מאַך עס שנעלער! קום אַריין אין אַ הויז! — האָט ער אים אינדערגיך אַ ווייז געטאָן דאָס זייגערל.

— איך האָב עס נישט וועמען צו שענקען.

— וועסט עס פאַרקויפן.

— כ'בין נישט קיין סוחר.

— שמענדריק! — האָט יענער אַ בייזן ברום געטאָן און איז אַוועק.

און איידער־נאָך עליאַש האָט זיך באַוויזן אויסצודרייען, האָט זיך צו אים דערגענטערט אַ מאַן אין אַ ברייטן בערעט, מיט אַ פּאָר געדיכטע שוואַרצע וואָנצעס און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף עליאַשס אַקסל, האָט ער שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— קומט מיט מיר!

— וווהין?

— אין קאָמיסאַריאַט.

— חאַ־חאַ! — האָט זיך עליאַש צעלאַכט — אַן אמתר טשאַפּלינישער פילם. — איך שווער אייך, אַז איך האָב דאָ נישט קיין שום שייכות מיט דעם האַנדל. גראָד מיך גייט איר אַוועקפירן.

— מיר קענען דאָס ליד.

— גלויבט איר באמת, אַז מיט אַזעלכע געשוואָלענע פּיס קען מען אַרומלויפן האַנדלען.

— מיר איז נישט וויכטיק דיינע געשוואָלענע פּיס, נאָר די פּאַר־שטעקטע דאָלאַרן.

בעת מען האָט עליאַשן אַרויסגעלאָזט פון קאָמיסאַריאַט, האָט ער זיך שטאַרק אונטערגעיאָגט און איז גלייך אַוועקגעפאָרן צום האָטעל־לוטעציאַ.

עס האָט זיך געשטעלט אַ הייסער יוני־טאָג. עס האָט זיך ממש אויסגעוויזן, אַז דער אַספאַלט ברענט אויפן ברוק.

ביים האָטעל־לוטעציאַ האָט עליאַש אָנגעטראָפן אַזאַ געדיכטע מאַסע, וואָס האָט אים דערמאַנט אין זיין אָנקומען. און הגם עס האָט ווער געמאָלדן דורך אַ הויך־רעדער, אַז היינט דערוואַרט מען נישט קיין נייעם טראַנספּאָרט, האָט זיך קיינער פון דער מאַסע נישט גערירט. די מענטשן דאָ האָבן געוואָלט גלויבן, אַז באַלד וועט מען אָנזאָגן, אַז איין טראַנספּאָרט קומט יאָ אָן. און אין דעם טראַנספּאָרט

וועלן זיך טאַקע געפינען זייערע אַוועקגעריסענע מענער, פרויען און קינדער...

עליאַש האָט מיט שוועריקייטן זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פונעם מענטשן־קנויל און איז לאַנגזאַם אַריין אין גערטנדל.

פאַרשידענע מחשבות האָבן געקרייצט זיין מוח... אַ צווייפל האָט געטרונקען זיין בלוט ווי אַ פּיאַווקע... ער האָט נערוועז געגראָבן מיטן שטעקן אין זאַמד. אַלע ווײַלע האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און געזען, ווי די מאַסע איז נישט מיד געוואָרן זיך צו דרענגען אין דעם שטיקעניש, אַלץ־נאָך גלייבנדיק אין אַ נס.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז אַוועק.

צוקומענדיק צום מעטראָ־איינגאַנג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ צייטונג־קיאָסק און דאָ איז זיין בליק געפאַלן אויף יידישע אותיות. ער האָט דערקענט די צייטונג, אין וועלכער ער האָט פאַר דער מלחמה פאַרעפנטלעכט זיינע שאַפונגען.

ער האָט געפילט ווי זיין האַרץ האָט אַ צאַפּל־געטאָן. ער האָט געקויפט אַ צייטונג און זי גלייך צעעפנט. גרעסערע און קלענערע צייטונג־קעפּלעך האָבן אים געשוועבט פאַר די אויגן. ער האָט גע־וואָלט אַלצדינג איינשלינגען מיטאַמאָל. ער האָט אבער בשום־אופן נישט געקענט צונויפנעמען זיינע געדאַנקען, כדי עפּעס אויפצוכאַפּן. ער האָט קוים באַוויזן אויפצונעמען די אַדרעס פון דער רעדאַקציע. און דערפילנדיק אַ דראַנג זיך צו זען מיט די לעבן־געבליבענע רעדאַק־טאָרן פון דער צייטונג, וווּ ער האָט יאָרן־לאַנג מיטגעאַרבעט, איז ער גלייך אַהינגעפאָרן.

די רעדאַקציע האָט זיך איצטער געפונען אין אַן אָרעמען פּאַ־סאַזש. פאַרן איינגאַנג זיינען געשטאַנען גרופּקעס מענער און פרויען און האָבן זיך דערציילט די ניסים פון זייער לעבן־בלייבן. אַנדערע האָבן זיך געדרייט אַרויף און אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן אויף עפּעס גע־וואַרט...

דער אַדמיניסטראַציע־לאָקאַל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם. דער גערויש האָט דערמאָנט אין אַ וואָקזאַל

פאַרן אָנקומען פון צוג. דער אַדמיניסטראַטאָר איז געווען באַלאַ־גערט און עטלעכע שטימעס האָבן צו אים גערעדט מיטאַמאָל:

— מיר זוכן, מיר זוכן!...

עליאַש האָט זיך קוים אַדורכגעדרענגט מיטן שטעקן אין האַנט. מיט גרויסע שפּרייזן איז ער אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. און ווי נאָר די וואַרטנדיקע אין קאָרידאָר האָבן אים אָנגעוויזן די טיר פון רע־דאַקציע־צימער, איז ער אַריין, ווי געיאָגט פון אַן אינערלעכן אומרו.

די צוויי רעדאַקטאָרן, וואָס זיינען דאָ געזעסן ביי באַזונדערע טישן, בירמאַן אַ נידעריקער מיט אַן אויסגעבלייכט פּנים, גוטמוטיקע אויגן, פלינקע באַוועגונגען און זאַלצמאַן מיט אַ פּאָר מידע אויגן, הינטער איינפאַכע ברילן־גלעזער, וואָס האָבן דאָס לעבן דערזען אין דער ווייטער־ווייטקייט, האָבן זיך, ביי עליאַשס דערשיינען, איבער־ראַשטע אויפגעריסן פון די ערטער.

— עליאַש! — האָבן ביידע אויסגעשריגן כמעט ווי מיט איין קול.

און בעת זיי האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ, האָט עליאַש באַ־מערקט דעם פינקל פון טרערן אין זייערע אויגן.

ער האָט זיך שווער אַראָפּגעזעצט און זיך גענומען אַרומבליקן איבערן קליינעם רעדאַקציע־צימערל.

זיין בליק איז גלייך געפאַלן אויף דער וואַנט, אויף וועלכע עס האָבן געהאנגען פּאָרטרעטן, פון צוויי פאַר־מלחמהדיקע רעדאַקטאָרן, איינגערעמט אין שוואַרצער קרעפּע.

עליאַש האָט זיך אַ רים־געטאָן:

— וואָס זע איך!...

— דערשאָסן געוואָרן אויפן באַרג וואַלעריען פאַר אָנפירן מיט דער אונטערערדישע אַרבעט. — האָט ער געהערט דאָס שטילע קול פון רעדאַקטאָר בירמאַן.

— און וויפל זיינען מיר געבליבן פון דער שרייבער־גרופּע?

— דו ביסט דער דריטער...

עליאַש האָט איבערגעפירט זיין בליק אַמאָל אויף דעם רעדאַק־טאָר, אַמאָל אויפן צווייטן.

— ליפּסמאַן ?

— געפאַלן אין „מאַקי“.

— ציטרינאָוויטש ?

— אַ קריגס־געפאַנגענער. נאָך נישט צוריקגעקומען.

— פּלאַטעק ?

— דעפּאָרטירט.

עליאַש איז געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען, די אויגן געווענדעט צום זוניקן דרויסן. ער איז געזעסן ווי באַטויבט. ער האָט געהערט קלינגען דעם טעלעפאָן. ער האָט באַמערקט ווי אַ ייד האָט געעפנט די טיר, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, און מיטן גוף אין קאָרי־דאָר האָט ער זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר די רעדאַקטאָרן.

— וואַרט צו אַ ווײַלע, מיר וועלן אייך באַלד אויפנעמען.

עליאַש האָט זיך אויפגעשטעלט. זיינע אויגן האָבן אויפגעכאַפּט אַ קעפּל פון אַ נאָטיץ : „דער יונגער נאָוועליסט עליאַש ריינהאַרץ צוריקגעקומען פון דעפּאָרטאַציע“. — האָט דער רעדאַקטאָר בירמאַן פלינק געשריבן, שטייענדיק ביים טיש.

ער האָט זיך גלייך אויסגעדרייט צו עליאַשן און געפרעגט :

— און דיין פאַמיליע ?

— דערווייל גאָרנישט.

— ווער האָט דיך באַפרייט ?

— די רויטע אַרמיי.

— ווו ?

— נידער־שלעזיע.

— ווו וווינסטו דערווייל ?

— אין אַזיל.

דער רעדאַקטאָר בירמאַן האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט עליאַשן מיט אַ מיטפילנדיקן בליק. אָבער ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין נידער־

שלאָנגקייט. מיט אַ שמייכל האָט ער עליאַשן אונטערגעטראָגן אַ ציגאַרעט און געזאָגט:

— מיר װעלן מוזן אַלץ אָנהייבן אויפסניי. מען מוז גיין װייטער. אונדזערע פיס מוזן זיך אַריינפּאַסן אין די טריט פון אונדזערע חברים, װעמענס דרייסטן גאַנג דער שונא האָט אונטערגעהאַקט. מיר װעלן דיך נישט לאָזן פאַלן. — האָט דער רעדאַקטאָר בירמאַן עליאַשן חבריש אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע — האָסט זיך שוין צוריק־גענומען צום שרייבן?

— איך זוך אַ רואיק װינקל. אין אַזיל איז מיר אומעגלעך.

— װייז זיך אָפּטער! מיר װעלן דיך לאַנג נישט לאָזן אין אַזיל. איך װעל נאָך היינט איבערעדן מיט חברים װעגן דיר. דערװייל... — האָט דער רעדאַקטאָר בירמאַן פעסט געדריקט עליאַשס הענט — זע, אַז דו זאָלסט אַביסל קומען צו זיך.

— גייסטיקע רו, גייסטיקע רו... — האָט עליאַש פעסט געקלאַ־מערט די האַנט פון צווייטן רעדאַקטאָר. און נאָך אַ לענגערע װיילע לאָזן הענגען זיינע בליקן אויף די צװיי פאַרטרעטן אין שװאַרצער קרעפּע, האָט ער זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט.

אָנגעקומען איז ער אין דער אַזיל־קאַנטין אַ פאַרשפּעטיקטער. דאָס מיטאָג האָט ער אָפּגעגעסן איינער אַליין ביי אַ טיש. אין מוח האָט אים שטאַרק געררוישט. עס האָט זיך דאָרט עפּעס אָנגעהויבן צו װעבן און האָט זיך גלייך צעריסן. ער האָט זיך געפילט אומבאַ־האָלפן עפּעס צו געשטאַלטיקן פון דעם אַלעמען, װאָס ער האָט ביז איצטער איינגעזאַפּט. אָבער ער האָט דערפילט, אַז דער שרייבערי־שער אומרו לאָזט אים נישט איינזיצן.

נאָכן מיטאָג, פאַרבייגייענדיק די אַזיל־ביוראָ האָט ער פריידיק אַ צאַפּל־געטאָן. ער האָט װעמען באַמערקט און אויסגעשריגן:

— אייזענבערג?!...

פאַר אים איז געשטאַנען אַ נידעריקער, ברייטבייניקער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע דרייסיק. אַ קאַנטיק טונקלהויטיק פּנים, לענג־לעכע אויגן, פלאַטשיקע נאָז. אין די קנייטשן אַרום די מויל־װינקלען

איז געלעגן עקשנות. פון זיין אָפּגעגאָלטן קאָפּ־האָר האָט שוין צוריק אַרויסגעשפּראָצט אַ גאַנץ־נידעריקער יערזש. מיט אים, מיט דעם דאָזיקן יאַקוב אייזנבערג, האָט עליאַש אָפּגעלעבט אין איין לאַגער גאַנצע 17 חדשים. זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן ווי צוויי לייבלעכע ברידער. אָפּטמאָל האָט איינער פאַרן צווייטן זיך אפילו איינגע־שטעלט דאָס לעבן, אַרויסגנבענענדיק אַ קאַרטאָפל אָדער אַן אנגע־פּרוירענע ריב, וואָס האָט געשמעקט מיט אַ טויט־געפאַר.

דערפאַר טאַקע איז עליאַש געבליבן שטיין אַ געקרענקטער, נישט ווייסנדיק פאַרוואָס זיין לאַגער־ברודער, יאַקוב אייזנבערג, נעמט אים אויף מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט. עליאַש האָט נישט געקענט תופס־זיין פאַרוואָס אייזנבערג שטייט און קוקט אים אָן מיט אַזאַ מאָדנעם בליק, ווי ער וואָלט עליאַשן עפּעס פאַרגעוואָרפן.

— וואָס איז דיר, יאַקוב, דו דערקענסט מיך נישט ? — האָט אים עליאַש אָנגענומען ביי ביידע אַקסלען און אַ טרייסל געטאָן.

— איך דערקען דיך זייער גוט, עליאַש. — האָט אייזנבערג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אים וואָלט שווער געווען צו פאַרטראָגן עליאַשם פרייד צוליב זיין דערשיינען...

— ביסט קראַנק, יאַקוב ?

— כ'ווייס נישט.

— האָסט מיר מער גאָרנישט וואָס צו זאָגן ?

— קום אַריין אין אַ קאַפע, וועט זיך אפשר גיכער אַראָפּרעדן.

— גוט, טאָ קום !

ביים קאַפע־טישל האָט אייזנבערג לאַנגזאַם און שווער אַרויס־גענומען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ שטראַלנדיקער בלאָנדינקע מיט אַ צעלאָזענעם קאָפּ האָר, פלאַמענדיקע אויגן. אַ מיטרייסנדיקער שמייכל האָט געשוועבט אויף אירע האַלבלעך־צעעפנטע, דינע ליפּן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעבליצט אַ מויל געזונטע ציינער, איינצו־בייסן דעם שטאַרקסטן מאַן.

— אָט די פאָטאָגראַפיע איז מיר געבליבן פון מיין גאַנצער פאַ־

מיליע. דאָס איז מיין יונגסטע שוועסטער, בערט. — האָט זיך אייזנ־בערג נערוועז געריבן דעם שטערן.

— און איצט יאַקוב כאַפּ אַ בליק אויף מיין פאָטאָגראַפיע! אָט איז מיין פרוי מיט די צוויי קינדערלעך. דעפּאָרטירט. דערוויילן זע איך זיי נישט צוריק. וואָס זאָל איך זאָגן?

— פון דיין אומגליק ווערט מיר אָבער נישט לייכטער. — האָט זיך אייזנבערג אויפגעכאַפּט.

— וואָס דו ווילסט שוין אַנטלויפן?

— כ'ווייס נישט צו וואָס כ'האָב זיך אַהערגעאיילט. — האָט זיך אייזנבערג צוריק אַנידערגעזעצט אויף אַ האַלבן שטול. — כ'האָב בעסער נאָך געדאַרפט בלייבן אין דייטשלאַנד.

— האָסט אויך געזוכט גאָלד? — האָט אים עליאַש אָנגעקוקט.

— ווען איז געלעגן אין זין גאָלד? כ'בין אַריין אין אַ דייטש הויז. כ'האָב מיר אַרויסגענומען אַן אַנצוג. אין אַ טאַש האָב איך געפונען אַ רעוואָלווער.

— אַ רעוואָלווער גאָר? האָסט אים מיטגעשלעפּט?

— יאָ. כ'האָב געמיינט אַן אָנדענק.

עליאַש איז שטיל געבליבן. ער האָט אייזנבערגן לאַנג באַטראַכט, ווי ער וואָלט אַריינגעדרונגען אין זיין נשמה־צושטאַנד. ער האָט ווי צו זיך געזאָגט אָן ווערטער: „דער מענטש געפעלט מיר עפּעס נישט...“

אייזנבערג האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און עליאַשן אָנגעקוקט.

— איך קען זיך מער קיין אָרט נישט געפונען... כ'זע אַלץ אַרום מיר שוואַרץ... און דו?

עליאַש האָט אַ טיפן ציטער געטאָן...

— איך? כ'ווייס נישט וואָס פריער אָנצוהייבן. איך וויל אין מיינע ליטעראַרישע־פּרוון באַווייזן, אַז אפילו די, וואָס האָבן אין די לאַגערן נישט געשטעלט קיין פּראַקטישן ווידערשטאַנד, דאַרפן אויך באַטראַכטן ווערן ווי ווידערשטענדלער. פאַרשטייט זיך איך מיין די לעבן־געבליבענע. זייער ווידערשטאַנד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס

זיי האָבן מיט אַלע כוחות געקעמפט קעגן דער פאַרניכטונג. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט דערפירן צו קיין עטישע דעגראַדאַציע. זיי האָבן זיך פסיכיש נישט געלאָזט צוריקפירן צו דער פּראָהיסטאָרישער אור־צייט. איך גלויב, אַז ערשט איצטער וועלן זיך פסיכיאַטאָרן פאַרנע־מען מיט אונדזער לעבן־בלייבן.

— מיר דאַכט זיך, אַז איך לעב נאָך איצטער אונטער דער שטענדיקער שאָק־ווירקונג פון טויט־שרעק... — האָט זיך אייזנבערג נערוועז געביסן די נעגל.

— דעריבער טאַקע דערקען איך דיך נישט. אין לאַגער ביסטו דאָך ממש געווען אַ גייסטיקער גיבור. איך האָב טייל מאָל נישט געקענט באַנעמען וועלכער כוח איז אײַנגעטלעך דיין שוץ־מעכאַניזם, וואָס דערמעגלעכט דיר אויסצוהאַלטן די אַלע פסיכישע קלעפּ, וואָס מיר האָבן טאָג־טעגלעך באַקומען. און דאָ, בעת אַ פרייַ לעבן ציט דיך ווייטער ?...

— איך בעט דיך, זאָג מיר נישט קיין מוסר ! — האָט אייזנבערג שאַרף אָנגעקוקט עליאַשן. — דווקא דערפאַר, וואָס איצטער איז מען צו אונדז מילד און צאַרט ווי צו געליטענע קינדער, ווירקט אויף אונדז דער מינדסטער מאָראַלישער ווייטיק פיל שטאַרקער ווי פריער. איך האָב אַ קאָנפליקט מיט זיך גופא...

עליאַש איז שטיל געבליבן. ער האָט געטראַכט, אַז אויף דער הייסער מינוט וועט אים סיי־ווי גאָרנישט געלונגען אָנצורעגן אייזנ־בערגן, ר׳זאָל זיך אָנהייבן צוריקבויען. ער האָט דעריבער אַוועקגע־קירעוועט דעם שמועס אין אַן אַנדערער ריכטונג...

— ווו ווינסטו דערווייל, יאַקוב ?

— אין ערגעץ נישט. כ׳האָב מיינע זאַכן אַריינגעשטעלט אין דער אַזיל־ביוראָ, ביז ס׳וועט זיין אַ פרייער פּלאַץ.

— אויב אַזוי, וועלן מיר דאָך ווידער ווערן שכנים.

— מילא... — האָט אייזנבערג ווידער אַרויסגענומען די פאָטאָ־גראַפיע און זי באַטראַכט.

— הער זיך איין, יאַקוב ! איך זע דאָך, אַז דו ביסט שרעקלעך

אויסגעמאַטערט. קום אָפּעסן! נאָכמיטאָג וועסטו זיך קענען אַוועק־לייגן אויף מיין בעט אויסרוען.

— און דו גלויבסט, אַז מיט מיינע נערוון, וועל׳ך קענען דערליגן אויף אַ בעט. איך זוך זיך איצטער נישט אויסצורוען, נאָר זיך מיט עפּעס צו פּייניקן... איך בין אפילו דיר אויך אַ שונא. כ׳וויים נישט פאַרוואָס. — האָט ער זיך ווילד אַ הויב געטאָן פונעם אָרט. און נישט אומקוקנדיק זיך מער אין עליאַשס ריכטונג האָט ער זיך מיט שווערע טריט אַרויסגעשלייכט פון דער קאַפע.

— יאַקוב!

אינגדרויסן האָט ער געשטעלט אַ טראָט אַהין; אַ טראָט צוריק און איז גלייך פאַרשווונדן פון עליאַשס בליק.

## 4.

שבת אָוונט האָט עליאַש צום ערשטן מאָל איבערגעלאָזט דעם שטעקן אין אַזיל און זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין באַגעגענען אַ באַקאַנטע פרוי, וואָס ער האָט צופעליק געהאַט געטראָפן ביים האָטעל־לוטעציאַ.

די פרוי, רחל שוואַלבערג, איז געקומען צום האָטעל־לוטעציאַ זוכן איר פאַרשווונדענעם מאַן — עליאַשס אַן אינטימען פריינט.

גייענדיק צום צונויפטרעף האָט זיך עליאַש דערמאַנט אין דער מאַדאַם שוואַלבערגס לעצטע ווערטער פאַרן אַוועקגיין:

— לאָמיר זיך טרעפן שבת אָוונט! אַביסל זיך אַדורכשמועסן. איר זייט דאָך געווען אַזאַ גוטער פריינט פון מיין מאַן.

די ווערטער האָבן אין אים עפּעס דערוועקט אַ גוטע שטימונג.

פאַרבייגייענדיק אַ שפּיגל האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיך באַטראַכט. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערזען אין אַ העלן ספּאָרט־אַנצוג פון אַ שטאָף געמישט מיט האָליץ, וואָס ער האָט אים גע־טראָגן צום ערשטן מאָל. ער איז געווען אַרומגעשוירן. די לאַנגע־

פּריזור — אינמיטן אַן אויסגעגאָלטן שטרייף ווי ביי אַ געשטעפּלט פערד — האָט מען קוים באַמערקט.

נאָך אַ דושנעם יום-טאָג, האָט זיך צום אָוונט-צו געפילט אַ פּייכטקייט אין דער לופט. ערטערווייז איז דער פאַרנאַכטיקער הימל געווען געדיכט באַלייגט מיט פאַרשידנפאָרמיקע טונקל-בלויע כמאַרעס. איבערן מערב-האָריזאָנט האָט נאָך געשוועבט אַן אומגעהייער גרויסער וויאָלעטענער וואָלקן; צעשלענגלט צווישן רונדיקע, אַלטער-טימלעכע טורעמלעך און צווישן פּירקאַנטיקע קוימענס, האָט ער געוואָרפן אויף דער טונקל-געוואָרענער ערד אַן אָפּשיין פון ליכטיקע שקיעה-פאַרבן.

אַ זומערדיק ערב-שטורעם-ווינטל האָט פון צייט-צו-צייט צעשויבערט די ביימער אויף די בולוואַרן; צוזאַמענגעטוליעט צוויי ביימער-קעפּ, ווי זיי וואָלטן געהערט צו איין שטאַם.

אַ ריזיקער המון האָט געצויגן צום הילכיק-צערוישטן „פּיגאַל". די פאַרבנרייכע פרויען-קליידער, ווי אַן ערדישער רעגנבויגן, האָבן זיך אויסגעלייגט איבער די טראָטואַרן און האָבן זיך גאַנץ-ווייט אַוועקגעכוואַליעט. די דאַמען-שיכלעך מיט הילצערנע זוילן, ווי אַ מלחמה-אָפּקלאַנג אין די פּיס, האָבן נאָכאַנאַנד געהאַמערט. מיט יעדער מינוט איז דער הימל געוואָרן פינצטערער, די וואָלקנס — שווער ווי בליי, נאָר אַראָפּצופאַלן. די גאַסן זיינען געווען שוואַכלעך באַלויכטן. דאָס פאַר-מלחמהדיקע נעאָן-ליכט, וואָס האָט זיך תמיד, ווי ראַקעטן פון קאָלירט פייער, צעשאָסן אין דער ראָזלער-בלויער אָוונט-לופט, איז איצט געווען פאַרביטן מיט שיטער-צעוואָרפענע לעמפּלעך הינטער טונקל-בלויע, פּאַפּירענע אַבאַזשורקעס. אָבער ווי ס'ווייזט אויס, האָט דער „פּיגאַל" מיט זיין האַלב-טונקלקייט נאָך מער צוגעצויגן. ער האָט אַריינגעלאָקט מיט זיינע צענדליקער רעקלאַמע-צייכענונגען פון נאַקעטע פרויען, וואָס האָבן געשוועבט אויף די לייווענטן איבער די קאַבאַרעטן-איינגענג, פּונקט ווי זייערע פרעכע שמייכלען וואָלטן געווען צוזאגען פון לעבעדיקע שיינהייטן. דער נאָמען פון פּראָגראַם: „פּאַריז-נאַקעט" האָט אַריינגעכאַפּט ווי אין

אַ קלאַטקע אַ היפּש ביסל טוריסטן און הונדערטער פּאַריזער ליב־האָבער פון שיינעם מין.

פון אַלע טונקעלע געסלעך האָבן זיך אַרויסגערוקט שטאַרק־צוגע־פּאַרבטע פּראָסטיטוטקעס, מיט אויפגעהויבענע שטאָלצע קעפּ, ווי זיי וואָלטן די נאָך־מלחמהדיקע צייט באַטראַכט פאַר אַ „הויך־סעזאָן"...

אויך אויף די צערוישטע בולוואַרן איז געווען אַ געגיי פון יונגע פרויען מיט כלומרשטע נאַאיווע שמייכלעך אויף די ליפּן. זיי האָבן זיך נאָכגעיאָגט אָנגעשטויסן אין עלעגאַנטע מענער, אַריינבליצנדיק זיי אין די אויגן.

שיינע, שלאַנקע נעגערינס מיט ווייסע קוקאַרדעס אין די פּעך־שוואַרצע געקרויזטע קעפּ, אָנגעטאָן אין ווייסן, ווי זיי וואָלטן גע־וואָלט, אַז זייער שוואַרץ־הויטיקייט זאָל זיך נישט צונויפמישן מיט דעם חשכות, וואָס האָט איינגעהילט די געסלעך, האָבן זיך געדרייט אַרויף און אַראָפּ אין די ראָגעס, בליצנדיק מיט זייערע בלאַנקנדיקע ציינער, צווינקנדיק מיט איין אויג...

אין אַלע ראָגעס האָבן אַלזשיריאַנער, מיט הייזעריקע קולות, אָנגעבאָטן ציגאַרעטן — אַמעריקאַנער און פראַנצויזישע — אויף שוואַרצע פּרייזן.

פון אַלע פראָנטאָווע קאַפעען האָבן אַרויסגעשאַלט קלאַנגען פון דזשאַז־אָרקעסטערס. פאַרלעך האָבן אינעווייניק געטאַנצט. אַרום די איינגענג — אַ געדיכטער, פאַרשידנפאַרביקער המון, וואָס האָט זיך אַפילו פונדערווייטנס געקוויקט מיט די נאַקעטע פּלייצעס און מיט די אויפגעפּעכערטע קאָלירטע קליידלעך איבער פיין־געשניצטע דאַמען־פיס. בשעת די האַרמאָשקע האָט אויסגעשפּילט אַ „באַל־מיזעט"־מעלאָדיע האָבן טייל מיטגעזונגען, אַנדערע צוגעפייפט, ווילד געלאַכט. דאָ און דאָרט האָט ווער אַ כאַפּ געטאָן ביי דער טאַליע אַ ווילד־פרעמדע מויד און זיך מיט איר אַוועקגעלאָזט טאַנצן, אַריינ־פלעכטנדיק זיך אין אַ פּלאָנטער פון אָנפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן,

וואָס האָבן כסדר פאַרטויבט די לופט מיט זייערע גרילצנדיקע סיג־נאַלן, אויף וועלכע דער פרייליכער עולם האָט ווילעריש געענטפערט:

— פאַרמאַך די מאָרדע!

אויף די הוידעלקעס איז די יוגנט ממש געפלויגן אין הימל אַריין. די מיידלעך האָבן דערביי שטאַרק געקוויטשעט.

די קאַרוזעלעס, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געהויבן קאָלירנרייכע באַלאָנען, האָבן מיט זייער מוזיק דערמאָנט אין פּאַרציייטישע קאַטע־רינקעס. יונג און אַלט האָט דאָ רונד־אַרום גאַלאָפּירט אויף הילצערנע פערד און חזירים, יאָגנדיק זיך נאָך די לאַכענדיקע מיידן, מיט צעלאָזענע האָר, צעפלאַמטע באַקן און צעצונדענע אויגן.

מאַגיקער, אין פאַרביקע קאַפּ־טיכלעך, מיט אַ גרויסער פערל אויפן שטערן, אין רונדיקע פעך־שוואַרצע בערדלעך, די אויגן פאַרבונדן מיט אַ שוואַרץ טיכל, האָבן פאַראויסגעזאָגט די צוקונפט. זייערע געהילפן האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן נייגעריקן עולם מיט אַ צע־עפנט טעשל קאָרטן אין האַנט, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אַ קליינעם, קאָלירטן פעכער און פאָרגעלייגט: „ציט אַרויס אַ קאָרט מ'סיע־דאָס, איר וועט זיך דערוויסן דאָס גליק, וואָס אייך דערוואַרט".

אין צענדליקער אויפגעשטעלטע בודקעס האָבן גרויסע לאָטעריע־רעדער זיך געדרייט מיט אַ געזשומעריי און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ נומער, וואָס האָט איינעם פון די שפּילער געגעבן צו געווינען אַ נישטיקע זאַך פאַר אַ קאָסטבאַרן פּרייז.

פון אַלע בודקעס, לענג־אויס דער אומגעגנט פון „פּיגאַל", האָט מען געקלינגען מיט האַנט־גלאָקן און אויף הויך־הילכערס גערופן קליענטן. ביי אַ פאַרבנרייך־דעקאָרירטע בודקע, האָבן דריי יונגע נאַקעטע טענצערינס אויף אַן עסטראַדע געטאַנצט אַן אינדישן טאַנץ, מאַכנדיק דערביי פאַרשידענע אַקראָבאַטישע קונצן מיט זייערע בויג־זאַמע שלאַנקע קערפּערס, וואָס האָבן נאָכאַנאַנד געקלימפּערט מיט די לאַנגע גלעזערנע קאָלירטע קרעלן, אַרויפגעצויגן אויף אַ גומי אַרום זייערע דינע טאַליעס.

די בודקע איז געווען באַלאַגערט פון אַ גרויסן המון צעשמייכלטע

מענער און פרויען; און מיליטער־לייט, אַמעריקאַנער און פראַנצויזן, האָבן זיך אַריינגעלאָזט אינעווייניק אין דער בודקע.

פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. זיי זיינען דאָ אַרומגעגאַנגען מיט אָנגעהאָנגענע מונדירן אויף די אַקסלען; געזונגען הויך אויפן קול מיט הייזעריקע שיכורע קולות. זיי האָבן זיך אַרומגעפירט מיט עטלעכע מיידלעך מיטאַמאָל. טייל האָבן אַריינגעשטראָמט אין די טונקעלע געסלעך און טייל האָבן אַרויסגעשטראָמט. אַלץ צוזאַמען האָט געררויִשט, ווי אַן אומענדלעך גרויסער נאַכט־לאָקאַל וואָלט זייגע נומערן אַרויסגעטראָגן אין גאַס אַריין און גערופן צו פאַרברענגען אַ לייכטזיניקן אָוונט, וואָס פאַר־שיכורט מיט ביליקע גענוסן.

*

עליאַש איז געגאַנגען איבער דער גאַס אַן אויפגעהייטערטער. דער געדאַנק, אַז ער גייט שוין אָן שטעקן, ווי אַלע אַנדערע, וואָס באַוועגן זיך אַרום אים, האָט מיט שטאָלץ אויפגעהויבן זיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

עס זיינען אַריבער אַ היפּש ביסל מינוטן. און ענדלעך האָט זיך מאַדאַם שוואַלבערג באַוויזן. איר טואַלעט האָט עליאַשן איבעראַשט. זי האָט געטראָגן אַ קלייד פון ציטרין־קאָליר, געפּוצט מיט שוואַרצע העפטערייען, געקעסטלט אויף איר שלאַנקן, בויגזאַמען קערפּער.

זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ דין שמייכעלע און מיט צעפינקלטע אויגן, ווי זי וואָלט דערקענט אין עליאַשס אויפגעלויכטענע בליקן, אַז איר אָנקומען האָט ביי אים אַרויסגערופן אַן אינערלעכן צאַפּל...

— ווהין גייען מיר? איך האָב וואָס אַן אמת נישט ליב דעם קוואַרטאַל. אפילו אַזאַ מיאוסקייט ווי איך האָט דאָ אויך דערפּאָלג. כ'האָב שוין געהאַט אַ צוטשעפּעניש אין מעטראָ. — האָט זי צו־פרידן אַרויסגעלאַכט.

— אַזאַ מיאוסקייט האָט אומעטום דערפּאָלג. מיר האָבן זיך געקענט אָפּשטימען אַנדערשווו. איך גיי שוין אָן שטעקן!

— כ'האָב אויך נישט געוואָלט באַלעסטיקן. דאָ וועט אייך זיין נענטער צוריקצוגיין.

דער אויסדרוק : „צוריקצוגיין", האָט עליאַשן עפּעס ווי אַ שטאָך געטאָן. ער האָט זיך אָבער גלייך אָנגעטראָפן מיט אירע אויגן און האָט אַ זאָג געטאָן :

— אין קאַפע „מיקאַדאָ". אַביסל רוסישע מוזיק...

— וואונדערבאַר !

דאָס פאַרנייגן זיך פון קעלנער, וואָס האָט זיי אויפגענומען, האָט עליאַשן אָנגעפילט מיט אַ געוויסן שטאָלץ, וואָס האָט אים שוין לאַנג נישט געהאַט באַהערשט. ער האָט סודותדיק געשמייכלט מיט אַ געפיל, אַז דער קעלנער נעמט זיי אָן פאַר אַ פּאָרל... קוקנדיק אויף מאַדאַם שוואַלבערג, האָט דער קעלנער אַביסל לענגער ווי געוויינ־לעך אַרומגעווישט דאָס טישל, און נאָך אַ פּאָכע מיטן סערוויעט האָט ער אָנגענומען די באַשטעלונג.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט איינער קעגן אַנדערן. עליאַש האָט געפילט ווי זיין האַרץ קלאַפּט האַסטיקער... ער האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו אירע רייד, וואָס זיינען צו אים דערגאַנגען דורך אַ פיין־געפאָרמט מויל, אָבער נאָך אַ קורצינקער ווילע איז ער גע־בליבן זיצן אַן אַנטוישטער. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז הגם מאַדאַם שוואַלבערגס שטימע קלינגט אים נאָך אין די אויערן, האָרכט ער זיך נישט מער איין אין אירע רייד...

*

מיט צוויי שעה שפּעטער איז עליאַש צוריקגעגאַנגען אין אַזיל אַריין. ער האָט געשפּאַנט מיט אַן אומצופרידנקייט. אַ פיינלעך גע־פיל האָט אים גענאָגט... דער גאַנצער צונויפטרעף האָט אים געער־גערט...

דער גאַנג איז אים וואָס־אַמאָל געוואָרן שווערער, ווי ער וואָלט געקלעטערט אויף אַ באַרג־אַרויף. ער האָט זיך איצט פאָרגעוואָרפן

פאַרוואָס ער האָט זיך שוין באַצייטנס געמאַכט פאַר אַ העלד און זיך אַרויסגעלאָזט אָן שטעקן.

איצטער האָט ער פון אַרומיקן גאַסן־בילד נאָר באַמערקט די שאָטנס, וואָס האָבן באַהערשט די אַלייען. די צוויי רייען ביימער האָבן זיך אויף אַ רגע צערוישט און שטיל געבליבן; ווידער זיך צע־רוישט און אַנטשוויגן געוואָרן.

אויף די בענק צווישן די ביימער־שטאַמען זיינען אין דער טונקל־קייט געזעסן צוזאַמענגעטוליעטע פּאָרלעך.

אויף איינער פון זיי איז, ווי אַ פאַרגעסן לעבן, געלעגן אַ צוזאַמענ־געקנוילטער קלאָשאַר, און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די רוישיקע נאַכט פון „פיגאַל" האָט אים געהאַמערט אין די שלייפן אַריין, איז ער גאַנץ געשמאַק געשלאָפן. אַ ליידיקע פלאַש, אַריינגעפּאַסט אין אַ הילצערנע טרעפּקע, איז אים געשטאַנען צוקאָפּנס.

עליאַש האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. ער האָט אַ בליק געטאָן אויפן קלאָשאַר, דערנאָך אויף די יונגע פּאָרלעך און גערעדט צו זיך אין געדאַנק:

— אָבער וואָס פאַרא טענות קען איך צו איר האָבן? איך דאַרף גיכער זיך באַשולדיקן, פאַרוואָס האָב איך אַ שוואַכקייט גראָד צו אַזעלכע פלאַכע פרויען?

פונדעסטוועגן האָט ער זיך גאַנץ־געגנוי דערמאַנט דעם דיאַלאָג:

— איר זענט היינט געווען אין לוטעציאַ, ריינהאַרץ?

— כ'האָב נאָך קיין איין טאָג נישט פאַרפעלט. אָבער...

— איך גיי שוין אַזוי אַהין פון אַפּריל אָן, זינט ס'האָבן זיך אָנגע־הויבן צו באַווייזן די ערשטע טראַנספּאָרטן. לעצטנס האָב איך אויפ־געהערט אַהין צו גיין. כ'קען מער נישט איבערלעבן דעם פיינלעכן מאָמענט, ווען עס גייט פון אויטאָקאַר אַרויס דער לעצטער מענטש... מילא אויף די וואָס זיינען אַנטלאָפן פון פוילן קיין רוסלאַנד, קען מען נאָך רעכענען. אָבער אויף די דעפּאָרטירטע פון פראַנקרייך, וואָס זיינען נאָך נישטאָ?... — האָט מאַדאַם שוואַלבערג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אפשר איז ער קראַנק געוואָרן אינמיטן וועג?
— וואָלט ער דאָך געשריבן.
און נאָך אַ שטילשווייגנדיקער פּאַוזע:
— כ׳בעט אייך, רייגהאַרץ, וואָס רעכנט אַזאַ מענטש ווי איר איצט צו טאָן?
— איך?... קודם מוז איך אַביסל באַרואיקן מיינע צעטרייסלטע נערוון. איך וויל אייך נישט אַריינפירן אין קיין שלעכטער שטימונג. אָבער דער נעכטן ליגט מיר נאָך אין די ביינער. איר האָט אַמאָל געהערט פון דאַנטעס „דער גיהנום?" זיינער איז געבויט אויף פאַנ־טאַזיע; מיינער, וואָס שוועבט מיר נאָך פאַר די אויגן, איז צום באַ־דויערן די נאַקעטעווירקלעכקייט. איך נויטיק זיך שטאַרק אין אַביסל רואיקייט. ווי נאָר איך וועל זיך קענען באַהערשן האָב איך די אַמ־ביציע צו שאַפן אַ גרעסער ווערק. איך ווייס נישט, צי ס׳וועט מיר געלונגען צו געפונען די פּאַסיקע פאָרם צו אַזעלכע גרויזאַמע גע־שעענישן. טייל מאָל דאַכט זיך מיר, אַז דער וואָס גרייט זיך צו באַ־שרייבן אונדזער חורבן איז געגליכן צו איינעם, וואָס פאַרמעסט זיך אַריינצוגיסן דעם ים אין אַ גלאָז...
— איך זע, אַז נאָך אַלע צרות, זייט איר נאָך געבליבן דער זעל־בער פאַנטאַזיאָר... — האָט זי אַרויסגעלאַכט.
דאָ האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן שפּילן טשאַיקאָווסקיס: „האַרבסט־לידער". דאָס ליכט איבער דער עסטראַדע האָט זיך אויס־געלאָשן. די טונקלקייט האָט די קאַפע־געסט אַריינגעפירט אין אַן אַנדערער שטימונג. אַלע כמעט זיינען געזעסן שווייגנדיקע און זיך איינגעהערט אין די טענער, וואָס האָבן, דאַכט זיך, אויסגעדריקט אַ בענקשאַפט צום פאַרגאַנגענעם פרילינג. די טענער זיינען געפאַלן מיט דעם זעלבן ציטער, ווי עס פאַלן גאָלד־געלע האַרבסט־בלעטער.
אָבער ווינאָר די מוזיק האָט אויפגעהערט און דאָס ליכט איבער דער עסטראַדע האָט זיך ווידער אָנגעצונדן, האָט זי זיך אַ ווײַלע באַ־טראַכט אין וואַנט־שפּיגל. און ווי צופרידן פון איר אויסזען, האָט זי לייכט אַ זאָג געטאָן:

— איר ווילט אייך צוריקנעמען צום שרייבן. און פון דעם גלויבט איר וועט איר קענען מאַכן אַ לעבן ? איך וואָלט אייך בעסער געראָטן זיך אויסצולערנען אַ גוט פאַך. אָדער זיך צוכאַפּן צום האַנדל. אויב איר וועט אייך נישט שאַפן קיין סיטואַציע, וועט זיך קיינער אויף אייך נישט אומקוקן. באַליידיקט אייך נישט ! מיר קענען זיך דאָך שוין אַ היפּש ביסל יאָרן.

— יאָ. איר מיינט, אַז די הייגטיקע פרוי קוקט זיך נישט אום אויף אַ מאַן אָן סיטואַציע, וואָס ?

— אוודאי זיינען די פרויען נאָך דער מלחמה געוואָרן פּראַק־טישער. איך וואָלט אייך געהאַט אַ סך צו דערציילן וועגן דעם.

— איך גלויב אייך. אָבער די קאַטעגאָריע פרויען אינטערעסירן מיך נישט. און נאָך אַלעמען איז עס פאַר מיר צו פרי זיך אַריינ־צוטראַכטן אין דעם מין פרוי. סיידן איך זאָל זיי דאַרפן צו מיינס אַן אַרבעט ווי נעגאַטיווע געשטאַלטן.

— אָבער מיט מיר ווילט איר זיך זען ? — האָט זי געשמייכלט, גלויבנדיק שטאַרק אין זיך.

— פאַרשטענדלעך. אָבער איך וויל אין אייך זען די פרוי מיט העכערע שטרעבונגען.

— לאָזט אָפּ מיט אייער פּאָעזיע ! פון דער מלחמה האָב איך געלערנט, אַז מיט גאָלד קען מען זיך אַרויסראַטעווען פון דער גרעס־טער געפאַר.

— איך האָב עפּעס אַנדערש געלערנט. אָבער איך וויל זיך נישט מיט אייך צעקריגן. מיר וועלן נאָך רעדן דערפון.

די געזעגענונג איז שוין געווען עטוואָס קאַלטער. עליאַש האָט זיך ערשט אָפּגעגעבן וועגן דעם אַ חשבון, ווען מאַדאַם שוואַלבערג איז שוין געווען גאַנץ ווייט פון זיינע אויגן.

פּלוצלינג אַזוי גייענדיק פאַרטיפט צום אַזיל־צו, האָט זיך עליאַש אָפּגעשטעלט. די גאַסן זיינען מיטאַמאָל געבליבן אין חשכות. עס האָבן זיך דערהערט הילכיקע קוויטשערייען. פון די פינצטער־געוואָ־רענע קאַפעען האָבן קלאַנגען פון אָרקעסטערס נאָך אַ ווײַלע אַרויסגע־

שאַלט און זיינען באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. שיכורע, אָפּגעהאַקטע קולות האָבן זיך דערטראָגן פון אַלע זייטן. די יוגנט האָט הפקרדיק און צופרידן געלאַכט. אַז אָפּקלאַנג פון אַ האַנט-גלאָק איז ערגעץ-ווו פאַרלוירן געגאַנגען. דער אויסדרוק: „מאַנגל אין עלעקטרישן שטראָם", האָט זיך געטראָגן פון הונדערטער מיילער.

עליאַש האָט זיך עפּעס דערמאַנט, אַז זייט זיין צוריקקומען איז ער, גייענדיק אין גאַס, שוין עטלעכע מאָל געבליבן שטיין אין דער פינצטערניש.

אין די קאַפּעען האָבן זיך איינציקווייז אָנגעהויבן באַווייזן פלעמ-לער פון גאַז-לאָמפּן. אויף די קאַסע-געזימסלעך האָט מען אין טייל קאַפּעען אָנגעטריפט ליכט.

ביים שיין פון די ציטערדיקע בלישטשיקלעך איז עליאַש געגאַנ-גען ווייטער. אינמיטן גאַנג האָט אַ בליץ, אַזוי שאַרף ווי אַ בלאַנקנ-דיקע קרומע קאָסע, געשטרייפט אַ פינצטערן פאַס הימל.

באַלד דערנאָך האָט אַ דונער-קראַך אַריינגעהילכט אין דער הויכ-קייט און אַ ווידער-קול האָט זיך שטופנווייז אַראָפּגעקייקלט, ווי אַ מעכטיקער פעלדז וואָלט זיך איינגעריסן.

דער אָנזאָג פון אַ שטורעם האָט אַרויסגערופן אַ מהומה. אויף די פינצטערע גאַסן איז געוואָרן אַ געלויף, אַז איינער האָט זיך ממש אָנגעשטויסן אין צווייטן. דער אָפּהילך פון הונדערטער לויפנדיקע טריט האָט אויך מיטגעריסן עליאַשן.

צוקומענדיק צו דער אַזיל-געביידע, האָט ער באַמערקט ווי אַלצ-דינג איז דאָרטן פאַרזינקן אין חשכות. בלויז אין גרויסן זאַל, ווו ער וווינט, ציטערט עפּעס אַ קליין פלעמל. ער האָט זיך נישט געקענט דערקלערן פאַרוואָס ס'איז עפּעס דאָרטן אַזוי מאָדנע שטיל.

אַרויפגייענדיק אין אַזיל אַריין האָט ער איבערן וועג זיך געיישובט צי ער זאָל אייזנבערגן דערציילן וועגן דער באַגעגעניש מיט מאַדאַם שוואַלבערג.

„ער וועט פון מיר לאַכן מיט אַ נקמה-געלעכטער. — האָט ער געטראַכט. — איך וויל אָבער, ער זאָל אַביסל לאַכן."

עליאַש האָט זיך גראָד איצטער דערמאָנט, אַז נעכטן נאָכמיטאָג האָט אייזנבערג געקויפט אַ פלאַש וויין אויף דער „שוואַרצער־מאַר־שע" און זיך מיט איר אָנגעשיכורט. דערנאָך איז ער אָפּגעשלאָפן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג מיטן פּנים אַראָפּ... „זאָל ער לאַכן פון מיר. איך וויל הערן זיין געלעכטער".

ביי דעם באַשלוס, האָט עליאַשן אָפּגעשטעלט אַן אַנדערער גע־דאַנק :

„וואָס גייט מיר אייגנטלעך אַזוי אין לעבן צי אייזנבערג וועט יאָ וויסן די מעשה מיט מאַדאַם שוואַלבערג, צי נישט. איך דאַרף זיך דאָך בעסער פאַרנעמען מיט דעם נשמה־קאָנפליקט, וואָס קומט אין אים פאָר. מיר גלויבט זיך גאָרנישט, אַז די הויפּט־סיבה פון זיין פאַר־לירן דעם רייץ צום לעבן, זאָל זיין דורכאויס... אפשר דיגט אים זיין אומגעקומענע הײם נאָר פאַר אַן אויסרייד צו דעם אינערלעכן קאָנ־פליקט, וואָס צערייסט זיין ווילן אויף שטיקער ? אפשר וואָלט ער אָן דעם אויך נישט געווען אַנדערש ? אפשר געהערט ער גאָר צו די טראַ־גישע פיגורן פון אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע, וואָס האָט גראָד נאָך דער באַפרייאונג פאַרלוירן דעם שוץ־מעכאַניזם, מיט וועלכן ער האָט זיך געווערט פאַר דער שאַרפסטער סכנה אין לאַגער ? און ערשט איצ־טער קען ער נישט אויסהאַלטן די איבערמענטשלעכע ליידן, וואָס ער האָט דאָרטן אין טיפן אָפּגרונט, נישט געזאָלט אויסהאַלטן".

און טראַכטנדיק אַזוי, האָט עליאַש זיך צוריק אַוועק־געדרייט פון אַזיל־טויער. ער האָט געוואָלט בלייבן נאָך אַ ווײַלע מיט זיך אַליין, כדי צו קענען פאַרטיפן זיינע געדאַנקען, וואָס האָבן ווי דינע פעדים זיך געוועבט אין זיין מוח און מיט יעדער רגע גע־וואָרן געדיכטער אָנגעוואַקסן. פאַרטראַכטערהייט האָבן זיינע אויגן אַריינגעקוקט אין דער אַרומיקער פינצטערניש. די שאַרפע קאָנטורן פון דער שכנותדיקער קירכע : „סאַקרע־קער" האָבן זיך, מיט זייער העלקייט, אַריינגעשניטן אין דעם השכותדיקן צונויפמיש פון הימל און ערד.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז עליאַש אַריינגעקומען אין גרויסן זאַל

פון אַזיל. זיינע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן מיט חידוש. אויף אַ טיש האָט דאָ געברענט אַ גרויס יום־כּיפּור־ליכט, וואָס האָט ווי געדיכטער געמאַכט די פאַרשאָטענטע ווינקלער, וווהין דאָס ליכט האָט נישט דערגרייכט. טייל אַזיל־איינוווינער זיינען געלעגן אויסגעצויגן אויף די בעטן אין אָנגעטועכץ; טייל זיינען געזעסן אינדערמיט בעט מיט באָרוועסע פיס. אויף די גלאַנציקע העלע ווענט, האָבן צענדליקער שאָטנס פון קעפּ זיך געטורעמט איינער איבערן צווייטן. אויפן ברעג טיש, ווו דאָס ליכט האָט געברענט, איז געזעסן אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט, וועגן וועלכן עליאַש האָט זיך גלייך דערוווּסט, אַז צוליב זיין יאָר־צייט האָט ער יעדן איינעם אויסגעטיילט אַ טאַבלעט שאָ־קאָלאַדע.

עליאַש האָט געכאַפּט אַ בליק צו אייזנבערגס בעטל. באַמערקנ־דיק זיין אויפגעריסענעם בליק, האָט ער גלייך געוואָלט צו אים צו־גיין. אָבער די אַזיל־איינוווינער האָבן מיט אַ שאַרף פאַרהאַלטן זיינע טריט. פון אַלע בעטלעך כמעט האָט זיך דערטראָגן אַ געפּליסטער:

— ש־ש־ש... ש־ש־ש...

עליאַש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעטל.

אינמיטן זאַל איז געשטאַנען דער יונגער זשאַק קריינין מיט אַ פידל אין האַנט, וועלכע ער האָט אַ היפּשע ווײַלע געסטראָיעט. און באַלד האָט מען זיין קול אַרויסגעהערט פון דער אַרומיקער שטיל־קייט:

— „לידער אָן ווערטער“ — מענדעלסאָן.

עס איז געוואָרן נאָך שטילער, ווי יעדער וואָלט דאָ ממש איינ־געהאַלטן דעם אָטעם.

קריינינס פידל האָט זיך צעטרילעט מיט אַזאַ דינעם ליריזם, אַז יעדע פילבאַרע נשמה האָט זיך געפילט ווי אַריינגעפירט אין אַן אַנדערע וועלט אַריין. זיינע אומעטיקע טענער האָבן אויפגעוועקט אַ גאָגעדיקע בענקשאַפט.

עליאַש האָט זיך איינגעהערט אין קריינינס אייגנאַרטיקן טאָן. ער האָט געפילט ווי זיין שפּילן רירט אים און רודערט עפּעס אויף אין

זיין געמיט. און סיי דאָס שפּילן, סיי דאָס אַרומיקע בילד — אַ שטיק חושך, געפּלעקט מיט אַ קליין גאָלדיק ליכט־פּלעמל, פירט אים אַריין אין אַ דערהויבענער שטימונג. ער האָט דערביי געטראַכט, אַז דעם קאָמפּאָזיטאָר איז אין אַ געוויסן זין בעסער ווי דעם שרייבער, דער־מיט וואָס די פּיאַנאָ ביים קאָמפּאָזירן ציט פון אים אַרויס די טענער ווי מיט אַ מאַגנעט. בשעת דער שרייבער מוז צום ערשטן אויסגע־פונען די געהעריקע פאָרם צו זיינס אַ שאַפונג. און אין דער צווישנ־צייט ווערט אַ העלפט פון זיין פאָרשטעלונג פאַרלוירן. ער האָט זיך עפּעס דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ־ווו געלייענט, אַז די טעכניק פון שרייבן אפילו פאַרבלאסט דעם שרייבערס וויזיע. אים האָט זיך שטאַרק אויסגעוויזן, דעם געדאַנק צו האָבן געפונען אין דאָסטאָיעווו־סקים אַ ווערק.

פּלוצלונג אין די סאַמע שענסטע מאָמענטן, האָט אַ רעוואָל־ווער־שאָס אַריינגעקראַכט אין דער שטילקייט. די פידל האָט אַ שאַרפן גרילץ געטאָן, אַקוראַט ווי אַלע סטרונעס וואָלטן געפּלאַצט מיטאַמאָל. עס איז געוואָרן אַ מהומהדיק געלויף און אַ געשריי. פון אַלע שטיגן איז מען גלייך געקומען אָנצולויפן מיט אויפגעריסענע אויגן פאַר שרעק. אַלע האָבן זיך ווילד אַ ריס געטאָן צו אַ בעטל. און איינער, וואָס האָט מיטן איינציקן ליכט באַלויכטן דעם דערשראָ־סענעמס פּנים, האָט אויסגערופן מיט אַ געקלעמטער שטימע:

— דער נייער, וואָס איז מיט עטלעכע טעג צוריק אָנגעקומען. ר'האָט זיך געשאָסן אין האַרץ אַריין...

— אייזנ־בערג! — האָט עליאַשס קול אַלעמען אַ שניט געטאָן ביים האַרצן. — אייזנ...

עליאַש האָט זיך צוגעריסן צום בעטל.

אַ פאַרקרומטע טויטן־מאַסקע מיט אָפענע ווייסלען האָט אים אַ שלאָג געטאָן איבערן מוח...

ער האָט, אין דער האַלב־טונקלקייט, דערבליקט טראָפּן בלוט אויפן באָדן, וואָס זיינען נאָך געווען קאָכעדיקער, ווי אייזנבערגס קער־

פער, וועלכער איז געבליבן ליגן, נאָך אַ טרייסל, אויפן סאַמע ברעג פון בעטל.

זשאַק קריינין האָט אַן אויפגעציטערטער אַ שנעל־געטאָן אַ ספרונג פון זיין פידל, וועמענס אָפּקלאַנג האָט לאַנג וויברירט אין דער אַרומיקער טויט־שטילקייט...

דערנאָך בעת מען האָט אייזנבערגן אַוועקגעפירט, איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצער קאָלדרע, איז עליאַש געבליבן שטיין ביים טויער און נאָכגעקוקט דאָס קעטשל — דער איינציקער אבל, וואָס האָט דעם טויטן נאָכגעשיקט אַ טרער...

*

זונטיק אַ גאַנצן טאָג כמעט איז עליאַש באַהערשט געווען פון צוויי סתירותדיקע שטימונגען. אייזנבערגס זעלבסטמאָרד האָט זיך ווי אַ בלייערנע משא געלייגט אויף זיין געמיט. און פון דער צווייטער זייט האָט זיין אויפטריט אויפן ליטעראַרישן אָוונט עפּעס געוועקט אין אים אַ נייעם גלויבן.

נאָכן אָוונט־ברויט האָט זיך עליאַש געווענדעט צום יונגען, זשאַק קריינען:

— דו גייסט מיט מיר מיט אויף אַן אָוונט? דאָס איז דער ערשטער ליטעראַרישער אָוונט נאָך דער באַפרייאונג...

— פאַרוואָס נישט? — האָט קריינין עליאַשן אָנגעקוקט מיט אויפגעלויכטענע אויגן.

— אויב אַזוי, גיי אַריין אין דער ביוראָ נאָך דיין פידל. דו וועסט דאַרפן דיין יונגען גלויבן אַריינשפּילן אין דער מאַסע.

צום לאַנקרי־זאַל האָבן אין אָוונט געשטראָמט אָפּגעראַטעוועטע מענער און פרויען פון די פאַרוואָרפנסטע פּאַריזער קוואַרטאַלן. דאָס לאַנקרי־געסל איז ווידער פאַרקלונגען געוואָרן מיט יידיש לשון. די „פּואיע" האָט געזשומעט ווי אַ בינען־שטאָק. די איינגאַנג־טיר האָט זיך כסדר געעפנט און פאַרמאַכט. די שויבן האָבן נאָכאַנאַנד געציטערט.

מען איז זיך דאָ אין דער „פּואיע“ געפֿאַלן אויף די העלדזער און זיך געקושט. מיט האַלב=וויינענדיקע, האַלב=לאַכענדיקע קולות האָבן זיך דאָ אָפּגעפֿונען באַקאַנטע. אין געדראַנג האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן ווילד=פֿרעמדע מענטשן און זיך געדריקט די הענט.

אין די האַלב=טונקעלע קולוואַרן, אויף די שטיגן, ביז צו דער גאַלערקע אַרויף, האָבן זיך באַקאַנטע געשריבן אַדרעסן.

עס האָבן זיך דאָ באַוויזן פֿאַרשידענע מענטשן: קאַצעטניקעס מיט טויטן=מאַסקעס, וואָס אין זייערע אויגן האָט זיך נאָך אָפּגעשלאָגן דער גיהנום=פֿלאַם, און יונגע ווידערשטענדלער, אין קורצינקע לעדערנע בלוזאָנס מיט שטאָלענע ריטשערס ביז צום האַלדז, אויף וועמענס פּנימער עס האָבן זיך בולט געצייכנט פֿאַרהאַרטעוועטע, כאַראַקטער=שטריכן פֿון גבורה און נצחון.

עס האָבן זיך דאָ צונויפֿגעמישט יונגע מיידלעך, וועמענס צאַרטע הענט האָבן געטראָגן שווער געווער, מיט אויסגעמוטשעטע מיידלעך, אויף וועמענס בלוטלאָזע באַקן עס האָט זיך מער נישט געוואָלט דערהאַלטן דאָס ביסל צוגעשמירטע פֿאַרב. צו די יוגנטלעכע, וואָס האָבן דאָ פֿאַרשפּרייט צייטונגען, זיינען געווען אויסגעשטרעקט צענדליקער הענט. פֿון אַלע קולות צוזאַמענגענומען האָט זיך אַרויסגעהערט אַן אָפּקלאַנג פֿון גלויבן אין לעבן.

ביים איינגאַנג צו דער בינע זיינען געשטאַנען די צוויי לעבן=געבליבענע רעדאַקטאָרן, אַ צוויי=דריי אָפּגעראַטעוועטע שרייבער און אַ הייפֿל קולטור=טוער. אין זייערע הענט האָבן געצאַפּלט די האַלב=אָפּגעמעקטע בלעטלעך פֿון אהרן בעקערמאַנס טאָג=בוך, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געוואָרן אויסגעגראָבן פֿון באַהעלטעניש.

— אַ יזכור=בוך צו באַערן די אומגעקומענע שרייבער... — האָט דאָ וועמענס אַ פֿאַרקלעמטע שטימע אַרויסגערעדט מיט אַ ציטער.

ביי די אַרויסגעזאָגטע ווערטער איז עליאַש אָנגעקומען, באַגלייט פֿון אַ יינגל מיט אַ פֿידל אין דער שייד.

מענטשן האָבן זיך צוגעקוקט ווי עטלעכע קעפּ מיטאַמאָל זיינען

צו אים צוגעפאַלן... ער האָט פאַר איבעראַשונג נישט געהערט וואָס מען פרעגט אים...

גראָד דעמאָלט האָט מען זיי אַרויפגערופן אויף דער בינע. די „פּואיע" איז איינציקווייז געוואָרן אָפּגעליידיקט, דער זאַל — אויס־בערגעפילט ביז צום לעצטן פּלאַץ בײַ דער ראַמפּע.

בײַ ביידע זײַטן ווענט — אַ היפּשער שטייענדיקער עולם. אויף דער גאַלערקע האָבן די מענטשן־קעפּ אויסגעזען ווי צוזאַמענגעגאָסן פון איין שטיק.

דער גרין־געדעקטער טיש אויף דער בינע איז געוואָרן אַרומגע־רינגלט פון דער גרופּע פּען־מענטשן, וואָס האָבן מיט אַ שאַרף אויס־געלייגט די אָנגעשריבענע בלעטער פון אונדזער המשך.

עליאַש האָט מיט צער געגלעט זײַן איינציק־אָפּגעראַטעוועטע דערציילונג, וואָס ער האָט זיך געגרייט פאָרצולייענען.

ער האָט אַ שטאַרקן צאַפּל געטאָן בעת די פאַרהאַנג האָט זיך געעפנט. ער האָט דערזען אין טונקעלעם זאַל אַ מאַסע מיט אויפגע־הויבענע קעפּ.

— לאָמיר באַערן אונדזערע זעקס מיליאָן קרבנות מיט אויפ־שטיין און מיט אַ מינוט שווייגן... — האָט דעם פאָרזיצערס שטימע זיך אײַנגעריסן אין דער קעל.

אַ ציטער איז אַדורך איבערן זאַל... אַלע האָבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער... די שטולן אויף שפּרינג־פּעדערן האָבן זיך צוגע־האַקט מיט אַן אָפּהילך... דערנאָך איז געוואָרן טויט־שטיל... אַראָפּ־געלאָזטע אויגן... עס האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער אַנטשוויגענער מינוט שרייט אַרויס דער גאַנצער טראַגיזם פון נעכטן...

עליאַש האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ דערפילט, אַז די אַנטשוויי־גענע מינוט טראָגט אין זיך אַ נייעם אָנהייב...

# דער מענטש מיטן ווייסן שטעקן

עס איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג אין האַרבסט. אַ קאַלטער שניידיקער ווינט האָט זיך אַרומגעוואָרפן מיט די טויטע בלעטער, וואָס זיינען געלעגן אָנגעהויפטע אויף די טראָטואַרן און נאָך געדיכטער — ביי די ביימער־שטאַמען.

איך האָב זיך געפונען אויף אַ ראָג פון אַ רוישיקער גאַס, וואַרטנדיק, אַז דער פאַרקער זאָל זיך אָפּשטעלן. דערווייל האָב איך זיך צוגעקוקט, ווי איבערן גלאַנציקן אַספאַלט רעדלען זיך שורות אויטאָמאָבילן מיט אָנגעצונדענע לאָמפּן, ווי אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה. אויך די קאַפעען האָבן עפּעס געהאַט אַ נאַכטישן אויסזען. די מאָלערייען אויף די קאַפע־ווענט זיינען געווען פאַרביק באַלויכטן פון די עלעקטרישע שטראָמען, וואָס זיינען ווי קאָלירטע שלאַנגען געקראָכן איבער די אילוסטרירטע סופיטן. אין דער לופט האָט מען געפילט אַ פייכטקייט, ווי אָט־אָט פאַלט אַ רעגן.

שטייענדיק אַזוי ביים ראָג פאַרטראַכט, האָט פּלוצלונג ווער אָנגערירט מיין אַקסל. איך האָב זיך האַסטיק אומגעדרייט. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ קאָרעקט־געקליידעטער יונגערמאַן מיט אַ ווייסן שטעקן אין האַנט. זיינע אויגן האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן אימה. איך האָב זיך אַ געפּלעפטער איינגעקוקט אין די צוויי בלוט־פלעקן, וואָס רירן זיך אין זיינע אויגן־לעכער. זיין פּנים איז געווען געשפּרענקלט מיט שוואַרץ־בלויע צייכנס, ענלעך צו וואָרצלען.

— מ׳סיע, איך בעט אייך, פירט מיך אַריבער אויף יענער זייט טראָטואַר ! — האָב איך געהערט אַ קלינגענדיקע שטימע, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט דעם מינדסטן שפור פון הכנעה.

— אָט באַלד פיר איך אייך אַריבער — האָב איך אָנגעקוקט דעם יונגערמאַן מיט אַ ציטער, צוגעלייגט מיין האַנט צו זיין ווייסן שטעקן, אַז ער זאָל פילן, אַז עס היט וועך זיין לעבן.

בעת דאָס פּאָליציייאישע פייפל האָט אַדורכגעשניטן די לופט, האָב איך אים פאַרזיכטיק געפירט איבערן באַנעגלטן דורכגאַנג. מיין האַרץ האָט אין מיר האַסטיק געקלאַפּט. עפּעס אַ מאָדנע געפיל האָט מיך באַהערשט.

— אַזאַ געזונטער, יונגער מענטש — האָב איך געטראַכט — און...

די נייגעריקייט מיינע איז געוואַקסן. איך האָב אָבער, אין דער מינוט, נישט פאַרמאָגט די האַרטקייט צו באַרירן זיין וווּנד מיט אַ פראַגע.

מיטאַמאָל האָט אַ שלאַקס־רעגן זיך אַראָפּגעלאָזט און איבערגע־ שריגן דעם גאַסן־גערויש. רעגן־שירעמס, שוואַרצע און קאָלירטע, האָבן זיך אינדערגיך גענומען עפענען און זיינען פאַרוואַנדלט גע־ וואָרן אין רונדיקע דעכלעך איבער מענטשן־קעפּ. מענער און פרויען אָן רעגן־שירעמס האָבן גענומען לויפן ווי קינדער. איך האָב אויך גענומען שפּרייזן האַסטיקער, מיטשלעפּנדיק דעם יונגערמאַן מיטן ווייסן שטעקן.

אויף יענער זייט טראָטואַר האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט; און הגם איך האָב בפירוש געזען, אַז דער יונגערמאַן האָט נישט קיין אָפענע אויגן, האָט זיך מיר עקשנותדיק אויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר. אַ שמייכל איז געהאָנגען אויף זיינע ליפּן, בעת זיין האַנט האָט מיך געזוכט.

— איך דאַנק אייך זייער, מ׳סיע !

— אָבער ווו וועט איר גיין אין אַזאַ וועטער ? — האָב איך גע־ קוקט אויף זיין פנים, פייכט פון רעגן־טראָפּנס.

— שטעלט מיך אַרונטער אונטער אַ לייוונטן דעכל פון אַ קאַפּע־טעראַסע! איך קען זיך גישט פאַרגינען אַריינצוגיין אינעווייניק.

— און אויב איך וועל אייך איינלאַדן עפּעס אויסצוטרינקען? — האָב איך אים געפרעגט.

— ווער רעדט צו מיר?... — האָט ער אויף מיר אַנגעשטעלט זיינע רויטע אויגן־שניטן, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט זען.

— עס רעדט צו אייך אַ ייד, אַ מלחמה־קרבן.

ביים וואָרט „מלחמה־קרבן", האָט ער אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער. די אויגן־דעקלעך זיינע מיט די אָפּגעברענטע וויעס האָבן גענומען צוקן...

— מיר איז באַקאַנט די אכזריות פון די נאַצים קעגן די יידן... — האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, בעת איך האָב אים אַריינגעפירט אין דער קאַפע.

— וואָס באַשטעלט איר?

— זאָל זיין אַ קאַפע.

— אַ גאָלואַז? — האָב איך אים אונטערגערוקט מיין פּעקל ציגאַרעטן.

— יאָ, פון דעם איז מיר שווער זיך אָפּצוזאָגן.

און נאָכן פאַרויכערן, האָט ער אויף מיר אַרויפגעהויכט אַ „דאַנק", איינגעהילט אין אַ שלענגלענע רויך.

— קען איך וויסן, מיט וואָס איר באַשעפטיקט זיך? — האָט ער מיך פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— כ'בין אַ שרייבער.

זיין קאָפּ האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אין מיין ריכטונג.

— כ'זע אייך נישט — האָט ער מיט דער האַנט באַוויזן, ווי עפּעס געזוכט אין דער לופט — גאָר כ'דערפיל אַ וואַרעמקייט אין אייער טאָן... מיינער אַ חבר האָט מיר אָפטמאָל פאָרגעלייענט די גרויל־שילדערונגען פון די טויט־לאַגערן... די קאַנאַליעס...

און נאָך אַ ווײַלע שווייגן:

— איך פאַרשטיי, אַז קוקנדיק אויף מיר, באַהערשט אייך אַ

גייגעריקייט צו וויסן, ווער ס'האָט צוגענומען דאָס ליכט פון מיינע אויגן. ווי טרויעריק דאָס זאָל נישט זיין פאַר אַ קעמפער צו פאַרלירן אינמיטן קאַמף דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, טראַכט איך תמיד, אַז צום באַדויערן בין איך נישט איינער, ס'זיינען נאָך געווען אַנדערע, וואָס האָבן געקעמפט מיט מסירת־נפש און האָבן אפילו נישט דער־לעבט די באַפרייאונג. מיין אומגליק איז געשען אין אַ לאַבאָראַטאָ־ריע, וווּ מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַמוניציע פאַר אונדזערע אויפ־שטענדלער. מיר איז שווער אייך איבערצוגעבן די באַגייסטערונג פון אונדזערע חברים, בעת זיי האָבן, נאָך אַ גאַנצע ריי עקספּערימענטן, ענדלעך דערגרייכט זייער ציל. איר פאַרשטייט דאָך אַזוי גוט ווי איך, וואָס פאַראַ וויכטיקע דערגרייכונג דאָס איז געווען בעת דער נאַצי־שער אָקופּאַציע צו האָבן אַן אייגענע לאַבאָראַטאָריע, וואָס זאָל באַ־זאָרגן מיט אויפרייס־מאַטעריאַלן אונדזערע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט אין אַלע ווינקעלעך פון פראַנקרייך. אָבער אין אַ שיינעם, העלן טאָג, אין יוני 42 איז דאָס געווען, איז אין אונדזער לאַבאָראַטאָריע פּאַרגעקומען אַן אויפרייס... נישט געגוג דערפאַרונג... געאַרבעט מיט פּרימיטיווע מיטלען... דער חבר, וואָס האָט גורם גע־ווען דעם אויפרייס, איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. אויך אַ יידישע פרוי, דר. קאַגאַן, איז אומגעקומען. מיר האָט דאָס אומגליק בלויז אויסגעברענט די אויגן...

אויף אַ רגע האָט ער זיך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיינע אויגן־שניטן און עפּעס נאָכגעטראַכט...

און ווידער ווענדנדיק זיין פּנים צו מיר, האָט ער פאַרגעזעצט:

— דאָ שטעלט זיך נאָך נישט אָפּ מיין מלחמה־געשיכטע. עס איז מיר שווער צו רעדן וועגן דעם. נאָר, אַז מען דערמאָנט זיך, רעדט זיך אַליין. קיין שום מענטש פאַרגעסט נישט זיין ערשטע ליבע. איבערהויפּט איך, וואָס דאָס איז אויך געווען מיין לעצטע ליבע... זי איז געווען פּשוט און באַשיידן, ווי עס קען זיין אַ פאָלקס־מיידל, אַ טאָכטער פון אַ וועשין. איך וועל זיך פאַר אייך נישט אויסדריקן, אַז זי איז געווען שיין, נאָר פאַר מיר איז זי געווען שיין, און שענער

נאָך ווי איר פיזישע שיינקייט, איז געווען דער אידעאַל, דער פּלאַם צום קאַמף, וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין אירע אויגן... כ'האָב מיט איר פאָטער געאַרבעט אין אַ מעבל־פאַבריק. ער איז געשטאָרבן אָנהייב מלחמה...

און נאָך אַן אָטעם־פּאַוזע:

— זי האָט געהייסן שאַרלאָט. צו יענער צייט, בעת דער אויפ־ רייס איז פאָרגעקומען, האָט זי געקעמפט אין די בערג פון סאַוואָ. דערוויסנדיק זיך, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, איז זי מיך געקומען זען. די סצענע פון אונדזער צונויפטרעף איז זיך לייכט פאָרצו־ שטעלן... אַ יונגער מענטש פול מיט לעבן באַרירט דעם צאַפּלנדיקן קערפּער פון זיין טייערסטע. ער וויל וואַרפן אויף איר כאָטש איין איינציקן בליק, נאָך לאַנגע, צעשיידטע, אויסגעבענקטע חדשים. ער שטרעקט אויס זיינע געזונטע הענט צו איר און קען זי נישט זען...

ער איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַ פאַרשטומטער... דעם קאָפּ צוגע־ בויגן צום ווייסן שטעקן.

— איך האָב דאָ איר פאָטאָגראַפיע — האָט ער אַרויסגענומען אַ בילד און עס איבערגעווישט מיט ציטערנדיקע פינגער — מען קען דאָס באַטראַכטן פאַר אַן אומזין. צו וואָס טראָגט אַזאַ מענטש ווי איך אַרום אַ פאָטאָגראַפיע. וואָס קען איך דען מער, ווי באַרירן דאָס קאַלטע שטיקל פּאַפּיר ? אָבער איך קען זיך דערמיט נישט שיידן... זי איז געפאַלן עטלעכע טעג פאַר דער באַפרייאונג...

ביי אונדזער טיש איז שטיל געוואָרן. איך האָב נישט געקענט אַראָפּנעמען מיינע אויגן פון דעם פּנים, וואָס האָט איצטער אויסגע־ זען ווי אַן אומבאַוועגלעכע סקולפּטור, מיט טיפע שטריכן פון ליידן און מיט אַנטשלאָסנקייט ביי די מויל־ווינקלען.

— אַנטשולדיקט מיר — האָב איך איבערגעריסן זיינע געדאַנ־ קען — מיט שאַרלאָטס מוטער טרעפט איר זיך אַמאָל ?

— איך וויל זי נישט באַזוכן, זי זאָל נישט, קוקנדיק אויף מיר, דערזען שאַרלאָטן... מיר טרעפן זיך איינמאָל אין יאָר, ביים מאַר־ מאָר־טאָוול, וואָס איז אויפגעהאָנגען אויף דעם הויז, ביי וועמענס

שוועל שאַרלאָט איז געפאַלן. איך לייג אַרויף מיין קרענצל בלומען, שאַרלאָטס מוטער לייגט אַרויף איר קרענצל בלומען. מיר רעדן צו זיך נישט, ווייל דאָס וואָרט ווערט אין אַזאַ מאָמענט צו אָרעם. דע־מאָלט פירט מיך שאַרלאָטס מוטער צו זיך אַהיים. מיר דאַכט זיך — האָט ער זיך מיטאַמאָל גענומען איינהאָרכן צום דרויסן — אַז דער רעגן איז שטיל געוואָרן?

— איר וועט באַלד קענען גיין ווייטער — האָב איך געזאָגט, נאָכטראַכטנדיק.

— אַ ריכטיק וואָרט — האָט ער זיך דערפרייט — מאַקע גיין ווייטער. איך דערמאָן זיך, אַז כ'האָב אַמאָל געלייענט אין מאַקסים גאָרקיס אַ בוך, אַז בעת די נאַטור האָט אָפּגענומען ביים מענטשן די פעאיקייט צו גיין אויף אַלע פיר, האָט זי אים, אַנשטאָט אַ שטעקן, געגעבן אַן אידעאַל. ווי איז אָבער, אַז איר פאַרמאָגט סיי אַן אידעאַל, סיי אַ שטעקן — האָט ער זיך גוטמוטיק צעלאַכט — איך בין צוריק געוואָרן אַ קינד. מען מוז מיך טיילמאָל פירן, ווי אַ קינד, און כ'האָב זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער שול־באַנק. איך לערן זיך אין אַ שול פאַר בלינדע. אַמאָל האָב איך זייער אַ סך געלייענט. היינט מוז איך וואַרטן, ביז אַ חבר נעמט זיך צייט מיר עפּעס פאָר־צולייענען. נו, מען וועט מאַקע גיין ווייטער, אַזוי ווי איר זאָגט — האָט ער זיך אויפגעשטעלט.

— אַ שאָד, וואָס איר גייט שוין אַוועק!

— אַנטשולדיקט מיר, איך דאַרף זיך צוגרייטן. היינט אָוונט קומט פאָר אין אונדזער קוואַרטאַל אַ מיטינג פאַר שלום. איך דאַרף דאָרט רעדן. איך בין נישט קיין גוטער רעדנער, אָבער שוין מיין דער־שיינען מיטן ווייסן שטעקן אין האַנט, וואַקסט אויס אין די אויגן פון די מענטשן צו אַ סימבאָל — האָט ער שטיל געזאָגט, אַרויסגייענדיק פון דער קאַפע.

נאָכן אָפּגעזעגענען זיך, בין איך נאָך אַלץ געבליבן שטיין און אים נאָכגעקוקט. איך האָב באַמערקט ווי פון דעם פאַרביקן קנויל מענטשן־קליידער, שיילט זיך אַרויס אַ געשטאַלט מיט אַ ווייסן שטעקן אין האַנט, וואָס זוכט אין דער אַרומיקער טונקלקייט דעם וועג צו ליכט...

# אינהאלט

דערשינען פון דעם זעלבן מחבר:

„אותיות אין בלוט“, גאָוועלן, פּאַריז, 1948.

פּאַרטיק צום דרוק:

„די געטאָ־מויער“ (ראָמאַן).